# שטערן

ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-
זשורנאַל






מינסק — 1938

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ



№ 2 צוועלפטער יאָרגאנג 1936 פעווראל

ווּלאדימיר מאיאקאָווסקי

## דער לינקער מארש!

ווּיקלט זיכ פאנאנדער אינ מארשנ!
פלאפלענ איז דאָ קיינ אָרט ניט.
שטילער, אָראטערנ!
כאווער מאוזער,
איַער
וואָרט איצט.
גענוג בא געזעצנ פארבלײַבנ,
וואָס פונ אָדאָמ אונ כאוועג ניט ייִנגער.
די געשיכטע—די שקאפע פארטרײַבנ.
לינקע!
לינקע!
לינקע!

היי איר בלויבלוזיקע!
ברייטער!
צו אָקעאנענ ווענדט זיכ!
צי
באמ פאנצער־שיפ אפ די רעידנ
האָבנ די שארפנ פארטעמפט זיכ!?
זאָל,
מיט קרוינ אינ די קליקעס,
דער לייב, דער בריטישער שפרינגענ.
די קאָמונע וועט בלײַבנ דער זיגער
לינקע!
לינקע!
לינקע!

דאָרט הינטער בערג פונ אומגליק
א זונ—געגנט ניט אויסצומעסטנ.
פאר הונגער,

פאר יאמענ־אומקומ
דײַנע מיליאָנ-טריט שטעל פעסטער.
זאָל א געדונגענע באנדע, א שפאנ טאָנ,
פרוונ מיט שטאָל אונדז פארינגלענ,
רוסלאנד ניט זײַנ ווערט אונטער דער אנטאנטע,
לינקע!
לינקע!
לינקע!

קענ אָדלער־אויג דענ זיכ פארלעשנ?
צי אינ אָוואר מיר וועלנ זיכ שפארנ?
בא וועלט
אפנ גאָרגל פרעס אײַנ
די פינגער, פראָלעטאריער!
די ברוסט פאָרויס, עכטער!
מיט פאָנענ די הימלענ פארוויקלענ!
ס'שפאנט דאָרטנ ווער מיט דער רעכטער?
לינקע!
לינקע!
לינקע!

יידיש—מ. ליפשיצ

יודל יאָפע

# אפ צעהוידעטע בריקנ

(קאפיטלעכ פונ א ראָמאנ).

1

— סוכאצקי, אָט דעמ האָלאָטענ, האָסטו ניט באדארפט אָפלאָזנ פונ צושנײַדערײַ, הערטט, אָנ א טערעצ זאָלסטו אימ צוריק ארײַנעמענ, ער האָט גאָלדענע פינגער אונ איכ וויל אימ מאכנ פאר מײַנעמ א מענטש.

סוכאצקי האָט גוט געוווסט די מאָטיוונ פונ דער דאָזיקער פאראָרדענונג. זיי זײַנענ געווענ עטלעכע. זאַנגארד האָט געדארפט א מאָדעלירער, מיט וועמעס הענט ער שאפט זײַנע זאָנגארדס מאָדעלנ. אזעלכנ האָט בא אימ נעוולשטיינ צוגענומענ. האָלאָטע גייט גוט אונטער צו דעמ. אָבער נאָכ איינ מאָטיוו איז דאָ גאָר פונ אנ אנדער מינ אונ סוכאצקי האָט זיכ מיט א קיוונ פארקרימט, ווי ער וואָלט דערפילט זײַנ בלינדע קישקע, אָט דעמ פלאָגנדיקנ אפענדיציטל זײַנעמ.

— דאָס איז א סאמ, דאָס איז איינער פונ יענע כעוורע, וואָס לאָזט זיכ גיט נעמענ מיט קיינ כאזערשנ אויער. צווישנ די סאמע פארביסנסטע איז ער דער פארביסנסטער. א באָלשעוויק הייסט ער בא זיי. קאמפ, הייסט עס בא זיי, ביזנ לעצטנ טראָפנ בלוט.

אָבער זאָנגארד איז באשטאנענ אפ זײַנס:

— וועסט אימ נעמענ—סוכאצקי! אָט דער יונג האָט א גרויסנ מײַסטערישנ געשמאק מיט פאנטאזיע.

די פרעמדע, וואָס האָט זיכ געהאט אָנגעבאָטנ פאר א מאנעקענשע, האָט געבראכט די נייטיקע רעפערענצנ אונ געבליבנ ארבעטנ. א לעבעדיקער מאנעקענ לויט אלע געזעצנ. זי האָט פינקטלעכ אויסגעפילט אלצ, וואָס פונ איר האָט זיכ געפאָדערט—שטיינ גלײַכ, אויס־טיילנ די ברוסט פאָרויס, אײַנציִענ דעמ בויכ, אָדער עטוואָס זיכ צובויגנ, מאכנ א הויקערל, אלצ אזוי לעבעדיק, מיט אזויפיל כיינ, ווי זי וואָלט געבוירנ פאר דעמ. זאָנגארד האָט נאכעס געשעפט אונ נאָכ געהאָפט אפ עפעס מערער. זי האָט זיכ דערווײַלע פונ אימ צוריקגעהאלטנ, אינגאנצנ געציטערט בא זײַנ נאָענטקײַט. ער האָט זיכ אביסל געברויגעזט, נאָר געוווסט, אז זי וועט בעסער ווערנ.

איינמאָל, ווענ ארציק האָלאָטע האָט ארײַנגעטראָגנ א פארטיקנ מאנטאָ, האָט עס זאָנ־גארד נאָכ געוואָלט א מאָס טאָנ אפ דער נײַיִנקער. דאָס איז געווענ זײַנ זאָנגארדס מאָ־דעל. ווענ אלע מאָדעלנ פונ פאריזש, פונ בערלינ זײַנענ שוינ צומ הונדערטנ מאָל געקאָפירט געוואָרנ אונ קיינ נײַע זײַנענ נאָכ אפילע אינ פאריזש ניט געווענ, פלעגט זאָנגארד נעמענ שאפנ זײַנ אייגענעמ מאָדעל. ער פלעגט עס טאָנ גוואלדיק געהיימ, ער פלעגט צעהאקנ אפ דעמ א גוואלדיקע צאָל בעסטע שטאָפנ ביז אינ מאָדעל-אָפטיילונג איז פארפארטיקט

געוואָרן א בעגעד—וואָס איז געווען ניט מער ווי א געמיש פון עטלעכע מאָדעלן, וועלכע האָבן שוין אין פּראָצעס פון אסאך מאָל קאָפּירן פארלאָרן זייער ערשטן געשטאַלט. הײַנט האָט עס פון דאָס נײַ געראשט—זאָנגארדס מאָדעל.

אין מאָדע־סאלאָן, ווו עס זײַנען געזעסן דאמען מיט זייערע קאוואלערן, בא די פײַנע טישעלעך מיט מאָדע־בילדער, ווו די געשיקטע קאָנפעקציאָנערן האָבן אף די לעבעדיקע מאנעקענען אָנגעוואָרפן פארשיידענע מאָדעלן, און ווי א לײַכטע פײַנע שקאפּע טראָגט דורכן דעם רײַטער אפן פערד־מאַרק פאר די אויגן פון די גרויסע מעווינים, אזוי האָבן זיי זיך געטראָגן די מאנעקענען זודיקע, שפּילנדיקע.

— ביטע,—האָט זאָנגארד א ווונק געטאָן צו דער נײַער,—שטעלט זיך פּײַן,—האָט ער באַפוילן און גענומען פון האָלאָטעס הענט דעם מאנטאָ, וואָס האָט ווי א רעגנבויגן א שפּיל געטאָן מיט זײַן לינקס און רעכטס, מיט זײַן פײַנעם דראַפּיר, מיט זײַדענע רוסן, מיט ווידרענע ווייכקײַט. ווי א צירקן־רײַטער האָט ער געהאט זײַנע ציקאווע אויסרופן:

— האַלאָ!—האָט אויסגעקנאקט זײַן צונג ווי מיט א בײַטשל,—לעבעדיק, אזוי טאנצנדיק רישן! וויגנדיק א ביסעלע! האַלאָ. ער האָט זיך פארוואונדערט אָפּגעהאַקט, ווײַל זי האָט זיך א וויג געטאָן צו פיל, שיר ניט אומגעפאלן פון די פיס. צום גליק האָט עס קיינער ניט באמערקט. זי האָט זיך גלײַך געפונען, פאריכט איר פעלער. אוועק אי טאנצנדיק, אי וויגנדיק און זאָנגארד האָט אלץ געוואָרפן מיט די הענט, דיריזשירט און אלץ מער געצויגן די אופמערקזאמקײַט פון אלע דאמען און קאוואלערן אף זאָנגארדס מאָדעל. איינע ארציק האַלאָטע איז זײַטיק געשטאנען פארדולט. ער האָט נאָך אין זײַן בליק אלץ אזוי געהאלטן דעם בליק אירן, בעטיע אגרעס בליק. דאָס איז זי, זי געווים, זי. נאָר ווען ער האָט נאָך אמאָל אופגעהויבן זײַנע בליקן, האָט ער זי שוין מער ניט געפונען. די, וואָס האָט דעמאָנסטרירט דעם מאנטאָ אונטער זאָנגארדס רעזשי איז געווען גאָר אן אנדערע, גאָר א פרעמדע.

2

א צושנײַדער דארף זײַן א מענטש און ניט קיין קוימענקערער. א צושנײַדער דארף זײַן פּינקטלעך ווי א דײַטש, העפלעך ווי אן ענגלענדער און עלעגאנט ווי א פראנצויז, א צושנײַדער.

אין דער גרויסער צושנײַדערײַ בא זאָנגארדג האָט זיך שוין געהאט אָפּגעזעצט דער קלאנג פון שטאָלענע שערן, דאָס שאָרכען פון פאלנדיק זײַד. די שווערע פּאָרטיערע פון דראפּירטן פּליוש איז פאנאנדערגערוקט געווען און אליין, דער הער זאָנגארד האָט ווי א בער געטאנצט אף זײַנע קורצע פיס בא מאנעקענען. אנשטאָט מולטע אָדער פּאַשעטן קאָלענקאָר, וואָס ווערט גענוצט אף אויסצופּאָרמענען א מאָדעל, האָט ער געבראָקס, געהלומעט בעסטע קרעפּ־זײַדס, געשפּיליעט עס לעפּעשעוואטע אפן מאנעקען. אלעמאָל טוט ער עס געהיים, פארבאָרגן הינטער דער שווערער פּאָרטיערע. איצט האָט ער עס געטאָן אָפן און געלייענט זײַן לעקציע.

— א צושנײַדער דארף זײַן א מענטש און ניט קיין קוימענקערער.—ער זאָגט עס שטארק באטאמט מיט דיקע ליפּן. ער זויגט דעם גראָבן סיגארעט און א רויכערדיקע סליונקע שוימט זיך בא די ווינקעלעך מויל פון א זיסער האנאָע, פון ארויסגעזאָגטע גרויסע יעדיעס. ער האָט מיט הענט, מיטן גאנצן גוף דערוויזן, וויאזוי א צושנײַדער איז מעכויעוו שפּילן מיט א פּײַנעם כיינדל, מיט א זיסן שמייכל. ער האָט זיך ניט געפוילט און

פיגורעל באוויזן, ווי מע מאכט א לײַכטן טראָט, ווי מע האָט א גרינגע האנט—א צושנײַדער,—האָט ער געוואָלט ווײַטער צעוויקלען זײַן געדאנק און זיך אָפגעהאקט.

אנטקעגן איז געשטאנען זײַן הויפט־מענטש דער געשעפט־פירער יאן מיכאילאָוויטש סוכאצקי, ער האָט, ווי זײַן טעווע איז, אין אלץ און אין אלעמען צוגעבאמקעט זײַן הער, אָבער פעסט מיט דעם צוזאמען דורכגעפירט אן אייגענע מיינונג, וואָס איז אומבאמערקט דורכגעגאנגען ווי אליין דעם הערס מיינונג. איצט האָט סוכאצקי אויך אפ זאָנגארדס יעדן וואָרט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער גלײַכצײַטיק צו אָפן, צו אײַנגעשפארט געוווּנקען מיט די אויגן און קלאָר אָנגעדײַט, או די לעקציע איז אפ הײַנטיקס מאָל גענוג. וואָרעם אָט דער ארקאדיע האָלאָטע, פאר וועמען די לעקציע ווערט געלייענט, איז דאָך א ביטערער מענטש, אן אײַנגעשפארטער. אָט דער האָנאָראָווער האָלאָטע קאָן דערלאנגען א גאליקן שפײַ עס זאָל קלעקן פאר ביידע פענעמער אין אוועק אָן א זײַ געזונט. אָ, ער, סוכאצקי, קאָן אים דעם דאָזיקן האָלאָטען. אן אנדעוש מאָל וואָלט סוכאצקי געכאפט א וויסטן סאָפ פאר אזא האָזעדיקער אָנצוהערעניש. אָבער הײַנט האָט דער הער זאָנגארד אָט די פאסיקע אָנצוהערעניש צו אכט גענומען און איבערגעריסן די לעקציע אין איר סאמע פארוויקלטן טײל.

— טי, טי, טי,—האָט ער געזונגען און ווידער געטאנצט ארום מאנעקען, געשפילעט לעפעשעוואטע די שטיקער זײַד־שטאָף און דער אײנציקער צוהערער פון דער דאָזיקער לעקציע, דער ארבעטער ארקאדיע האָלאָטע, האָט מיט אויגן געבלאָנדזשעט אפ די ווענט, ווו עס זײַנען געהאנגען פארשיידענע ווירעס, פאטראָנען, ווי מאָדנע הערעגליפן אין שור־עס אויסגעשטעלט און געפיקט אין קאָפּ מיט די אייביקע געזעצן פאר א צושנײַדער.

— א גוטע נאכט,—האָט אַרײַנגעשניטן סוכאצקי,—הייסט עס ביז מאָרגן.

און האָלאָטע האָט זיך א כאפ געטאָן, פארשטאנען, אז דאָס מיינט מען אים, האָט ער צוגעשפיליעט א קנעפל אין רעקל און איז צו דרײַ טרעפ געשפרונגען מיטאמאָל. אין מויל איז אים געווען ביטערלעך און אין האלדז טרוקן. די גאס האָט א שמיר געטאָן מיט יאמיקן ווינט אים אין פּאָנעם. א פארנאכט אין דער הויך האָט זיך מיט יאם און מיט ווײַטעניש געמישט און דאָ אין דער נידער האָט זיך היימיש צוזאמענגענומען דער יאם מיט זײַנע ברעגן, מיט זײַנע בולווארן, טעאטערן און רעסטאָראנען און אלץ אין טאָג פארוואנדלט, אין הוליענדיקן טײַוועדיקן קנויל פון אָנופהערדיקן טאָג.

אָבער בא האָלאָטען אין הארצן איז געווען אזוי קאלט און אין קאָפּ שווער, א געדאנק ווי אן אײנציקע מויז האָט אים געהריזשעט.

— דו ווערסט אפ אן עמעסן א צושנײַדער, א מענטש בא זאָנגארדן. אנדריי, דער זעלביקער כאווער, וואָס ער, האָלאָטע, האָט אים אָפגעשלאָגן פון עטאפ, אנדריי דער אײנ־ציקער האָט אים מיט איין אויג געזען אפ דורך. ער, כאווער אנדריי, האָט מיט זײַן אײנציקן אויג געזען אזויפיל אָפגאנג און פאראט.

— מיליעראנ,—האָט ער אים געזאָגט,—ווייסטו דאָך, מיליעראנ איז אויך געגאנגען מיט די שענסטע קאוואָנעס אין מיניסטעריום, ווייסטו דאָך, וואָס פאר א פארעטער ער איז געוואָרן מיליעראנ.

ער איז אן איידעס געווען ארטשיק, ווי א קאָזאקישע פיקע האָט זיך ארײַנגעזעצט אין אנדריים בלאָוון אויג און געבליבן איז דאָרט אן אויסגערונען גריבל. אים אליין האָט אויך דעמלט היפש געברענט דאָס צעפאסעוועטע לײַב און אין פּאָליצײַשן קעלער זײַנען

אסאכ אזעלכע צעפּאסעװעטע געלעגנ. האָבנ זײ זיכ ביידע זיבצניאָריקע ארומגענומענ צוזאמענ דעמ װײטעק א ביסל לינדערנ.

אַבער דער טאָג, דער פארגלײַכ מיט מיליעראנענ, האָט ארויסגערופנ בא האָלאָטענ א שמײכל, ער האָט ליב אנדריי אזעלכע הויכע פארגלײַכונגענ. אונ ער קאָנ ניט זאָגנ אנדרייענ, אז זײַנ הארצ איז פארכאפּט, עס װערגט אימ אונטערנ דיכ. א פרוי, א מאנעקענשע האָט אימ דעמ קאָפּ צעטומלט, ער פרעגט אימ אנדרייענ א מאָדנע פראגע:

— געדענקסט דאָרטנ בא דער דעסנע־שטאָט בעטיע אגרענ?

— װאָס איז דענ? אזוי אופגערעגט איז ער הײַנט געװענ אונ פארװוּנדערט אנדריי, װענ זיי, צװייענ, זײַנענ געגאנגענ, האָט א דריטע אויג א פּיסקאלישע געקאָנט זיי באגלייטנ, קיינ פּוסטע באגעגענישנ זײַנענ באמ כאװער אנדרייענ ניטאָ. הײַנט אפנ קרײַזל װעט גיי א הייסער דיספּוט—צי מיר גייענ, צי מיר בויקאָטירנ די דומע פונ דריטנ יונ?

— איז װאָס איז דאָ צו געדענקענ? דעמלט האָבנ אסאכ פײַנע זינ אונ טעכטער ארומגעטאנצט ארומ דעמ ארבעטער. הײַנט ליפנ זיי װי פארסאמטע מײַז. מיט כאראָטע קוקט מענ אפּ הינטנ אונ נאָכ זיי האלטנ נאָכ די צימערמאנס. יאָ, כ'האָב זיכ דערמאָנט. געדענקסט ראָבינזאָנענ? כ'האָב אימ אנומלט באגעגנט. שטארק אָפּגעלאָזנ זיכ, קראנק א טרינקט, ארבעט אינ דער קאָפּעקענער צײַטונג אונ שטייט שוינ גאָר װײַט פונ דער אָרגאניזאציע. הײַנט דארפ מענ זײַנ פאָרזיכטיק מיט אזעלכנ:—ער האָט פארקנייטשט א מאָדנעמ שמײכל אונטערנ שאָטנ פונ זײַנ אויסגערונענעמ אויג אונ געזאָגט, דאָס האָט ער, דאכט זיכ, די בעטיע אגרע אהער אינ שטאָט געבראכט...

3

ערגעצ דאָרט נידעריק איז אינ הודיענ, אינ פײַפנ זיכ פארגאנגענ דער פארנעפּלט פארויכערטער פּערעסיפּ. זײַנע סירענעס האָבנ גערופנ, באפוילנ די טויזנטער ארבעטער צו א לאנגשאָעדיקנ ארבעט־טאָג מיט קנאפּער נערונג. געפּאָדערט שטומע געהאָרכזאמקײַט, געװאָרנט, געדראָט פאר יעדער אנטקעגנ זיכ שטעלנ מיט ארבעטלאָזיקײַט, מיט אָנ א שיר שטראָפ.

אינ שכײנעסדיקנ האפנ האָבנ הונדערטער פּראכט־שיפנ זיכ בעלאָדנ אונ אויסגעלאָדנ. טויזנטער פלײצעס האָבנ אָנגעזאָפּטע זיכ געבויגנ אונטער א בארג מאסע אונ טויזנטער הענט האָבנ זיכ געצויגנ צו ארבעט אונ אינ גרויסנ הילפלאָז, אינ אומזיניקנ גלײַכגילט האָט זיכ געקנוילט א טויזנטקעפּיקער העפקער פונ מענטשלעכנ אָפּפאל אונ אינ עפּידעמישנ פלאקער פונ טשומא אונ כאָליערע האָט געברענט אונ אינ רויכ זיכ געשטיקט די מאָלדאװאנקע מיט איר גרויסנ ארומ, װו הונדערטער מענטשנ אינ שמוצ אונ אָפּגעריסנקײַט האָבנ בא א קוישל, בא א װעגל געטאנצט װילד אונ געזונגענ.

— נא װארעניע, נא קאָמפּאָט דװע קאָפּייקי פּונט.

— בעדנאָמו נאראָדו דאיאָמ ספּאכאָדאָמ דװע קאָפּייקי פּונט.

אונ װי אינ א טפילע צומ הארצ א האנט געלייגט אונ מיט א געבעט צוגעזונגענ.

— דװע, דװע, דװע קאָפּייקי, דװע קאָפּייקי פּונט.

אונ שפּעט האָט זיכ אָטאָ דאָ אינ צענטער א טאָג אָנגעהויבנ. א פרימאָרגנ האָט זיכ דאָ מיט גרינגנ אָטעמ צעװיקלט, צענומענ װי א רויזנ־קנאָספּ, װי קאָלירטער װיכער זײַד איבערנ בלויענ יאמ, איבער צעבליטע בולװארנ, אָפּגעשפּיגלט גאָלדענע קופּאָלנ, אָפּגעגלאנצט אופגערוימטע גאסנ, װאָס האָבנ געשמייכלט מיט געצירטע װיטרינעס, מיט שמוכ

אונ פוצ גערייצט, מיט ספאָרט אונ פליכט פונ אָנגעהויבענעמ פריילעכנ טאָג. פאר די גרויסע געשעפטנ האָבנ זיכ געדרייט אויסגעמושטירטע מעשאָרסימ, געכאפט א בליק פונ אנ אָנגעפארבט מיידל. געענטפערט פעט, פעפערדיק, געלאכט מייַסע פאָרעצ אונ ראפטומ געבליבנ בעליימט פארנ געשעפט־פירער, אזוי האכנאָעדיק פארנויגט זיכ מיט אנ אראָפגענומענעמ הוט, ווי די בעטלער.

איז האָלאָטע געגאנגענ אפ דער ארבעט אונ אימ האָט געדאכט, אז באזונדער גייענ הייַנט נייטערנס; וועבערנס אונ היט־פוצערנס, באזונדער גייענ זייגערמאכער, גאָלדשמידער, גראווירער, באזונדער גייענ שנייַדער, שוסטער, יעדערער האָט זייַנ גאנג, זייַנ טנוע אונ ער, ארקאדיע, גייט אויכ באזונדער זייַנ קלאס. אונ ער האָט געגרוילט פונ דעמ געדאנק אפ אימ האָט געקוקט כאווער אנדרייס איינ כשאדיקער אויג אונ ער האָט זיכ פארענטפערט:

— איכ האָב ליב מייַנ פאכ, פארוואָס זאָל איכ עס ניט פארטיפערנ. אסאכ כאווירימ ווארפנ זיכ אפ א גראמאטיקע, ווער צו א פענ, ווער צו א פענזל. איכ וויל פארטיפערנ מייַנ פאכ. אָבער דאָס איז דאָכ בלויז א פיצעלע כיילעק עמעס געווענ, צו וואָס זיכ נארנ, הייַנט ווייס ער נאָכ מערער ווי נעכטנ, אז דאָס איז בעטיע אגרע אונ ער וויל זי זענ, זייַנ נאָענט צו איר. ווי קומט זי דאָ אינ זאָנגארדס זומפ?

ארומ דעמ גרויסנ שנייַד-טיש מיט דער מאָס אפנ האלדז שטייט ארקאדי האָלאָטע ארומגענומענ מיט ווירעס, מיט ווינקל-ווירעס. זייַנ פאָנעמ פארביק, די אויגנ פול מיט שייַנ, מיט א ברייטער האנט ווארפט ער פאנאנדער שטאָפנ, פארשיידענע קאָלירנ ווימלענ פאר די אויגנ, פייַנסטע דראפנ, ווייכסטע געוואנטנ, טאָרנקאָטנ, שעוויאָטנ, קאטגאָרנ, פייענ, פליושנ, אטלאס, סאמעט, אזויפיל צעשפילטע צייכענונגענ אזויפיל פארשידענע קאָלירנ, אזויפיל ווייכקייַט, צארטקייַט פונ פארב גלעט דעמ בליק, אזויפיל ראש פונ זייַד רייצט, רייצט דעמ געהער. אזויפיל צעשפילטע פאנטאזיע אנטציקט אימ, א שענסטער אייַנפאל פונ א מאָדעל. פארבייַסט ער א ליפ אפ א געמאכט כעסאָרנ. ער מעסט, רעכנט, פלינק, לייַכט גייט די האנט. מיטנ קריידל ווארפט ער אָנ דינע צייכנס, וואקסנ אויס פארשיידענע פיגורנ, לעסאטע צעטיילט ער זיי, צעפערטלט, צעאכטלט, צעשטיקלט. צוזאמענ מיט דער דערגאנצונג פונ פארשיידענעמ פוצ, מיט צודאטנ, מיט צוגאָב פונ גרויסער קונסט־ארבעט ווערט זיכ שאפנ דער געווונטשענער מאָדעל, וואָס ער האָט אימ שוינ לעבעדיק פארנ אויג, ווי דער קינסטלער האָט זייַנ בילד אינ פערספעקטיוו.

נארישקייַטנ. ער כאפט זיכ אומ פונ קאָלירנ־פארבלענדעניש. פאר אימ שטייענ ארבעטער מיט זייערע לעבעדיקע טאָג־אינטערעסנ. נעכטנ איז ער געווענ איינער פונ זיי, הייַנט איז ער זאָנגארדס א מענטש. קוקנ זיי מיט אויגנ פארשידנ. קוקנ—אייניקע מיט כשאד, מיט סינע, מיט גאל, צי וועט ער ניט פארקויפנ זאָנגארדנ זייערע אינטערעסנ. צי וועט ער ניט פרעסנ אפ זייער נויט? צי האָט ער ניט איזאָלירט זיכ פונ זייער קאמפ? קוקנ שוואכערע מיט א שמייכל, מיט גרייטער כניפע, באגריסנ זיכ זיסלעכ צו א צושנייַדער, בא וועלכנ מע דארפ אויסשפילנ א ביסעלע כיינ אינ די אויגנ, ווערט אימ ארטשיקנ פריקרע, ווערט אימ גרוילעכ. ער וויל זיכ בעטנ בא זיי—איכ בינ ארטשיק, דער זעלבער ארטשיק האָלאָטע. אָבער צווישנ זיי איז א מעכיצע, א שנייַד־טיש. ארומ אימ ליגנ אסאכ פעקלעכ, אפ וועלכע זיי ווארטנ פונ אימ, דעמ צושנייַדער. ער איז מעכויעוו אָנזאָגנ, מאָנענ, פאָדערנ. ער גלייַכט זיכ אויס. פאר אימ שטייט צימערמאנ לייַכט אָנגעטאָנ אינ טשעטשושאוונ אָנצוג, אינ א ווייכער העמד, מיט א העלנ שניפס אונ מיט א ווייכ אָפגעלייגט

קאָלנערל. ער באַגריסט אַרטשיקן מיט זײַן נײַער שטעלע. פאַר אים איז עס די נאַטירלעכע עוואָליוציע פון אַ פייִקן אַרבעטער. עס שטייט אים אָן אַרטשיקן צו זײַן אַ צושנײַדער, ער באַגריסט אים און ווינטשט זיך דאָס זעלבע. נאָר? גאָרנישט, ער דערמאָנט אים — אַ צושנײַדער קאָן ניט שטיין ווי ווייכע קאַשע פאַר אָט די אַלע אַרבעטער. ער טאָר אַפילע ניט האָבן קיין איין באַשטענדיקן פּאָנעם. ער מוז אָפּט אָנטאָן אַ מאַסקע. ענדערן מאַסקעס, אויב ער וויל וואַקסן אין זײַן פאַך, אויב ער וויל ניט אויסגענוצט ווערן פון פּרינציפּיעלע און פּרינציפּלאָזע פּויליאַקעס און גלאַט טעמפּע שלעכטע הענט און הילצערנע קעפּ, וואָס שפּילן בלויז אָפּ דער צונג.

אַזוי רעדט ער פײַן צו האָלאָטען, עפּעס איז ער דאָך אויסן מיט דעם צו זאָגן.

עמעצער פּיכקעס, עמעצער כויזעקס, עמעצער פלעצלס: בראַוואָ, מיכאַיל צימערמאַן, נאָך אַזאַ לעקציע וועסטו איבערשטײַגן סוכאַצקין און האָלאָטע וועט דערגרייכן ביז צו אַ זאָנגאַרד אַליין.

אַרטשיקס פּאָנעם בלייכט, ער רופט צו אָרדענונג.

— דאָ דיסקוסירט מען ניט. לעקציעס זײַנען דאָ ניט צום אָרט. ער איז צושנײַדער און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן פעקל, וואָס ער דערלאַנגט, וואָס ער צעוויקלט. ער וועט זיכער מאָנען, פאָדערן די העכסטע קוואַליטעט. ער קאָן דאָך יעדן אַרבעטער און וייס וואָס וועמען פאַר אַ פעקל צו דערלאַנגען, וועמען שוואַרצע אַרבעט, וועמען פאַנטאַזי, ווער אָפּ וואָס עס איז מער פייִק.

אין מעסט־צימער שטייט אַרקאַדי האָלאָטע פאַר אַ דאַמע, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ פאַר די אַרומיקע שפּיגל־ווענט. זי דרייט זיך, זי וואַרפט זיך די דאַמע. האָלאָטע זעט זי ניט, הערט זי ניט, ער זעט דעם מאָדעל, ער זעט די מעסטונג. ער שפּיליעט, ער צייכנט דעם שטאָף. זי רייגעזט זיך, קאַפּריזעט, די געהויבענע דאַמע. ער מאָנט טרוקן:

— דערלויבט, שטערט מיר ניט אַרבעטן.

שפּעטער באַקומט ער פון זאָנגאַרדן אַן ערשטן אויסרייד, ער הערט אויס אַ לעקציע.

— אָפּן ערשטן אָרט שפּילן די גוסטן פון דעם קונד, מע מוז עס באַפרידיקן זייער דעליקאַט, דזשענטלמעניש. טפּילע ווען זי איז טעמפּ ווי האָלץ, באַגייט מען זיך מיט איר ווי מיט אַ גאָלעכ. אַרטשיקן עקלט, נאָר ער בלײַבט שטום. ער האָט שוין הײַנט אייניקע מאָל באַמערקט בעטיע אַגרע, ער האָט זיך געגריסט צו איר, זי האָט אָן בליקן געענטפערט. ניין, זי פאַרגראָבט ערגעץ טיף אירע בליקן. זי מײַדט אים אויס. קלאָר איז אָבער, אַז דאָס איז זי, זײַן האַרץ ווערט צעשפּרונגען. ער וואַרט אָפּ אַ געלעגנהײַט, ווען ער וועט בלײַבן מיט איר אונטער פיר אויגן. ער וועט זי פרעגן:

— זי דערקענט דאָך אים, פאַרוואָס מײַדט זי אים אויס? און דער איקער — וואָס האָט זי אַהער צו זאָנגאַרדן געבראַכט פאַר אַ מאַנעקען?

— האָלאָטע, דער מאַנטל צום אָפּשיקן איז פאַרטיק? — האָט דער קאָנפעקציאָנער געמאָנט. האָלאָטע האָט זיך געאײַלט אַ מאָס טאָן דעם מאָדעל אָפּ אַ לעבעדיקן מאַנעקען. מיטן מאַנטל אָפּן האַנט איז ער אַוועק אין פּאַס־צימער און ער איז שטיין געבליבן פאַרגאַפט באַ דער עטוואָס אָפּגערוקטער פאַרטיערע. אַרום בעטקע אַגרע איז זאָנגאַרד געשטאַנען, געמאָסטן אָפּ איר זײַן מאָדעל, געטאַנצט אָפּ זײַנע קורצע פיס און געגעסן זי מיט צעפלאַמטע אויגן פון אַ קאָטער, וואָס שפּילט מיט אַ פיצל מויז.

— אָט אַזוי, פיצעלע, האָב איך ליב. מיטן הער זאָנגאַרד דאַרף מען זיך האַלטן פרײַ, אַזאַ אַנטיקעלע אַ פרוי קאָן דער הער זאָנגאַרד אָפּצאָלן, איך ווייס וואָס אַ שמייכעלע איז ווערט, כע, כע, אַנו, פיצעלע, שענק מיר נאָך אַ שמייכעלע.

אנ אָנגעשטרענגטער שמייכל האָט זיכ אפ איר פאָנעמ באוויזנ, אנ אויסגעמאטערטער שמייכל, אונ זאָנגארד איז צעשפרונגענע געוואָרנ אינ שיקערער פרייד.

— כא־כא, כא, אָט אזוי, פיצעלע,—אונ א נעמ געטאָנ זי צו זיכ, האָט ער זײַנע דיקע ליפנ אינ איר באק אײַנגעטרונקענ.

— נא, נא דיר א קוש דערפאר.

זי האָט זיכ א ריס געטאָנ, פארדעקט מיטנ האנט די באק. נאָר זי איז ניט ארויסגעשפרונגענע פונ מאנטל, זי איז ניט געלאָפנ צעדולט. אונ ער, ארקאדיע האָלאָטע, איז יאָ, א צעדולטער געשטאנענ, מיטנ מאנטל אפנ האנט:

— האָלאָטע, דעמ מאנטל, מע וועט די פאָסט פארשפעטיקנ,—האָט געמאָנט דער קאָנפעקציאָנער. איז ער אוועק נאָכ איר, האָלאָטע, געפונענ האָט ער זי שוינ אינ גרויסנ זאל ארופגעוואָרפנ אפ איר דעמ מאָדעל, אָבער איצט איז זי געווענ א טויטער מאנעקענ, ער האָט קיינ לעבנ ניט געפילט אונטערנ מאנטל, אירע אויגנ האָבנ נאָר ווייטעק אויסגעדריקט. עפשער ווענ־דאָ וואָלט ניט געווימלט מיט אזויפיל מענטשנ, וואָלט זי אימ געזידלט, אינ פאָנעמ געשפײַט, וואָס ער גיסט גאל אינ איר פארביטערט לעבנ, אונ עפשער וואָלט זי אימ געבעטנ ער זאָל זי צו גוטנ מישפעטנ.

עס איז געווענ א שווערער אונ א לאנגער טאָג פאר ארקאדיע האָלאָטענ. ער האָט זי א גאנצנ טאָג געזוכט זענ אונ איר ערגעצ ניט געפונענ. א ווערעמל האָט געהריזשעט זײַנ הארצ אונ אלצ אינ אימ האָט ווײ געטאָנ אונ געבעטנ—בעטיע אגרע. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אינ האנט גענומענ אָדער אפנ טיש אוועקגעלייגט די לאנגע שטאָלענע שער, האָט אימ אינ אויער א קלונג געטאָנ מיט קייטנ־געקלאנג. אָבער ניט די קייטנ, וואָס ער האָט ניט לאנג בא די מארמערנע טרעפ מיט א בײַס־צוואנג איבערגעריסנ בא כאווערשע הענט. נײַנ, יענעמ קלונג פונ א קייטל האָט ער געפילט, וואָס האָט זיכ צומ ערשטנ מאָל ארומגעקלאמערט בא זײַנע נאָכ־מינדעריאָריקע הענט. ווענ מע האָט זײַנע הענט באארײַס, האָט מענ אימ דעמ מינדעריאָריקנ פארשיקט אינ דער גרויסער שטאָט בא דער דעסנע אונ דאָרט איז ער ניט נאָר טוליאָריק געוואָרנ, נאָר באקומענ א פולנ באוווסטזײַנ. אונ ווענ דאָס הארצ נאָגט, איז גוט צו טראכטנ ווי ער, ארקאדיע, האָט זײַנ ערשטע פאָליטישע רעדע געהאלטנ קימאט ווי א באָלשעוויק. דאָס איז געווענ אפ א באנקעט מיט די זעמצעס אָנגעזעענע דאָקטוירימ, אינטעליגענטנ, נײַנ, ער וואָלט אהינ ניט געווענ גײנ, ער איז יונג אונ שעמעוודיק געווענ. האָט זי אימ, די שענסטע אונ דרייסטע טאָכטער, בעטיע אגרע גענומענ אפנ צײמל אונ געפירט. זי האָט שוינ דעמלט אפ אימ א שליטע געהאט.

— קומ, אָט אזוי פארקאמ דײַנע האָר. די שווארצע בלוזע מיטנ ווײַסנ קוטאש איז זייער פײַנ, אונ א רויטע בלומ א פאפירענע האָט זי אימ אפנ הארצ צוגעשפיליעט, אונ מיט אימ אונטערנ האנט אוועק צו דער פראָנט־טיר, ווו עס זײַנענ שוינ געשטאנענ פײַנע קארעטעס, אונ דער שווייצער אינ דער ליווריע האָט אפ אימ געקוקט אזוי פארלאָרנ.

— דער דאָזיקער דארפ זײַנ א גאנעפל, מע מוז אימ נאָכקוקנ אינ די הענט. אונ זײַנ מאנטל האָט ער שוינ אזוי אָנ כײשעק בא אימ גענומענ, ווי אָנ כײשעק דער יונגער האָלאָטע איז דאָ די שוועל אריבער. אָבער זי, די אגרע, איז געווענ פרײלעכ, לוסטיק, ווי בא זיכ אינ דער היימ, אונ געפירט האָט זי אימ אונטערנ האנט, ארײַנגעפירט אינ דער רײַכער זאל, ווו רעק האָבנ זיכ געמישט מיט פײַנע גראָווע בערד, מיט פעטליצעס אונ שפאגעס אונ ארקאדיע האָלאָטע אינ מיטנ.

אָבער ווענ מע האָט גערעדט א סאכ אונ זײַנ קאָפּ, זײַנ געדאנק איז ארײַנ אינ די

רייד, האָט ער דער ייִנגסטער דאָ א וואָרט געבעטן, א וואָרט אזא, וואָס קיינער האָט נאָכ דאָ ביז אים ניט געזאָגט:

— אהינ, אפנ גאס האָט ער געדרופנ די ארבעטער אינ אָפענעם קאמפ, אונ ניט אינ רעדעס־פּראָטעסטנ בא געשלאָסענע טירנ. האָט זי, בעטיע אגרע, אים אנ ערשטע אפּלאָדירט אונ געסוידעט אים אינ אויער.

— דו וואקסט א טריבונ, א בעבעל, א זשאָרעס.

אונ דערנאָכדעם, נאָכ דעם ערשטנ שטרײַק אינ שטאָט, ווענ זײַנע אויגנ האָבנ געזענ ווי א קאָזאקישע פּיקע האָט אויסגעלעכערט כאווער אנדרייס אויג, ווענ ער מיט א צעפּאסעוועטנ לײַב איז מיטנ כאווער אנדריי געלעגנ ארומגעאָרעמט אינ פּאָליצײ־צירקל, האָבנ אירע שיינע הענט אים דאָ אָפּגעזוכט. זי מיט אָנגעזוענע זעמצעס הערנ אונ ראמענ האָבנ געמאָנט, אז מע זאָל די פּארווונדעטע, פּארשמיסענע פירנ אינ שפּיטאָל. אונ אהינ אינ שפּיטאָל האָט אים בעטיע אגרע געבראַכט עמעסע לעבעדיקע בלומענ אונ גערימט אים אונ באגריסט אינ זײַנ בלוטיקנ געקרייצ זײַנ אינעמעסנ אינטערנאציאָנאלנ פּראָלעטארישנ קאמפּ. אונ אלע ווונדנ זײַנענ געלינדערט אונ פארהיילט געוואָרנ פונ אָט דער זיסער מיידלשער באגריסונג, ווײַל אים האָט נאָכ געפעלט א פּאָר כאדאָשים צו פּוליאָריקײַט.

אונ איצטער שטייט ער דער צושנײַדער האָלאָטע, הינטער אים ליגט אזויפיל דורכגעמאכטער לעבנ אונ ער איז דאָכ יונג אונ שטארק. בעטיע אגרע האָט דאָכ דעמלט אינ זײַנ הארצ ניט געלאָזנ קיינ גיינ ראצעלע, איז פונוואנענ קומט עס אזוי צו לײַדנ?

4

אינ זאָנגארדס קאבינעט איז געווענ אומרויִק. אינ דער בארוטונג האָט אויכ אָנטיילגענומענ די יונגע מאדאם בראָניע אָסיפּאָוונע.

די בארוטונג איז טאקע געווענ איר אויפטו. אויסער איר מיט סוכאצקינ איז דאָ געקומענ דער הויפּט־בוכהאלטער, קאָנפעקציאָנער מיט זײַנ געהילפ. מע איז געקומענ מיט ביכער, מיט מוסטערנ שטאָפּ. זאָנגארדנ איז די בארוטונג געווענ ניט צום הארצנ. ער האָט געפילט, אז אָט די טאָכטער זוכט איבער אים האָבנ די אויבערהאנט. האָט ער זיכ ווי א לייב אינ שטײַג אינ אומרו באוועגט, אופגערעגט אונ געשפרײַזט אזש איבערנ קאבינעט, אָפּגעשטעלט זיכ אונ געברומט.

— פראָיִם, וואָס שרעקט איר מיכ מיט כעזשבוינעס. אונ דיר, —האָט ער געשריִענ צו סוכאצקינ, געזעצט אינ טיש, —ווער האָט דיר געהייסנ מיט די כאזיירים פירנ אונטערהאנדלונגענ? ניטאָ קיינ שטרײַקנ, קיינע באדינגונגענ, זאָלנ זיי ווי הינט קריכנ בא מײַנ שוועל, איכ וועל זיי צעטרעטנ, צערײַבנ ווי ווערים!

סוכאצקי האָט זײַנע אויגנ ניט אופגעהויבנ אונ הארט אונ קורצ באריכטעט דער יונגער מאדאם:

אזוי שטארק האלטנ זיי זיכ, דער סעזאָנ גייט מיט אזא ראש. אזויפיל מוסטערנ באקומענ פרישע אונ בא אונדז איז א פּרינציפּ—קיינ איינ שטיקל שטאָפ זאָל ניט בלײַבנ פונ סעזאָנ.

— וויפל מוסטערנ?—האָט זי געפרעגט,—וויפל באשטעלונגענ? וויפל פּראָצענט ארבעט ווערט אויסגעפילט? זער קעגנער שלאָפט ניט. פאפא,—האָט זי געזאָגט, אינ יעדער פײַנעם הויז, אינ סאלאָנ, ווי אינ טעאטער גייט א רייד וועגנ דער גײַער פירמע, וואָס האָט מיט געשמאק לויט אלע אייראָפּייִשע מאנערנ אוועקגעשטעלט דעם מאָדע־סאלאָנ, דער איקער—

פינקטלעכקײַט פונ אויספילנ די באשטעלונג. מײַנע אויערנ האָבנ זעלבסט געהערט, ווי א דאמע האָט זיך באקלאָגט—אינ זאָנגארדס מאָדע־סאלאָנ פארהאלט זיך שטארק א באשטעלונג. עס קומט זיך אויס דאָרטנ צו שפארנ ווי אפ א טאָלטשאָק.

עס האָבנ בוכהאלטערנ געזוכט אינ ביכער, געקנאקט מיט די שטשאָטנ. קאָנפעקציאָנערנ האָבנ איבערגעציילט מוסטערנ, באשטעלונגענ וויפל קומענ אָנ אונ וויפל ווערנ אויסגעפילט, אונ זאָנגארד האָט זיך געקרימט געשריגנ, געברומט:

— אונ פרעסטיזש האָט איר געשאצט, שטרײַקברעכער דארפ מענ אופזוכנ, זאָל זײַנ פונ רוסישנ סאָיוז, אונ זיי די בונטארנ גאָרניט נאָכגעבנ, אינ די טורמעס ארײַנ, אינ וואפנע פאַרגיסנ זיי לעבעדיק אונ זייערע געזינדנ זאָלנ פאלנ ווי פליגנ!

די יונגע מאדאם האָט מיטגעפילט זײַנ גערעכטנ צאָרנ. אַבער אינעווייניק האָט איר געפרייט זײַנ הילפלאָזיקײַט, וואָס זי וועט עס אויסנוצנ. זי וועט אים באווײַזנ אז אירע יונגע פייִקײַטנ יאָגנ זײַנע מענערשע פייִקײַטנ איבער. זי האָט געהאט א ציל דערבײַ. זי האָט געוואָלט ווערנ א שוטעפ אינ טאטנס געשעפטנ אונ גאראנטירנ איר זעלבשטענדיקײַט, באווײַזנ איר יאקאָווג, אז זי קאָנ ניט נאָר געפעלנ מענער, נאָר זי קאָנ ניט עוּ־גער פאר אים פירנ געשעפטנ אונ אויסנוצנ פריווילעגיעס, וואָס ער דער מאנ נוצט אויס.

זי האָט אים ארומגענומענ דעם טאטנ, ווי א קינד האָט זי זיך צו אים מיט איר וואַרעמענ לײַב געפרעסט, געקושט אים אונ ארײַנגעזאָגט אים.

— שפעט, אָסיפ סאוועליטש, דער סעזאָנווארט ניט, אונ עס לוינט ניט. מע וועט קענג זיך אופשטעלנ די נאציאָנאלע געזעלשאפטלעכקײַט. דער קעגנער וועט עס אויסנוצנ. מיר וועלנ ווירקנ שטילער אונ זיכערער, אָט דער צימערמאנ, דער שטרײַק־קאָמיטעט זייערער, קאָנ זײַנ איז שוינ גאָרניט אזא שרעקלעכער, ווי מע מאָלט אים,—האָט זי געזאָגט צו סוכאצקינ,—איך וויל מיט אים זעלבסט ריידנ.

דער אלטער האָט דערפילט די אויבערהאנט פונ אָט דער יונגער טאָכטער. ווײַל נאָר זי, די טאָכטער, קאָנ אים געבנ די נײַע מאנעקענשע אפ אופצופאסנ נאָך אים. אָט דער טײַוועדיקער געפיל האָט אים צעווייכט אונ נאָכגיביק געמאכט.

— איר זײַט קיינײַנהאָרע אזויפיל אונ איך בינ איינער, איז טוט. כ׳וועל זענ וואָס אונ וויאזוי איר וועט בעסער מאכנ די זאך פאר מיר.

אנומלט, ווענ זי, בראָניע אָסיפאָוונע גינזבורג, איז מיט דער שוועסטערל אסיען געזעסנ אינ טאטנס עקיפאזש, ווילהעלם האָט שוינ דעמלט מיט אזא מינ ווערדע געהאלטנ די לייצעס, די באָרד האָט זיך אים צעלייגט אפנ ברוסט ווי א פאָכער אונ דאָס פערד ווי מיט אויסגעשײַערטע פעטאקעס באלייגט, האָט זי אויך געוווּסט וואָס עס איז ווערט דער גרויסער קאָוועד צו פירנ אזוינע אָנגעלייגטע געסט. זי די יונגע אסיע האָט אומגעריכט א זאָג געטאָנ:

— אָט גייט מיכאיל צימערמאנ, אונ איז א ביסל פארויטלט געוואָרנ.

די מאדאם בראָניע האָט פונ דעם נאָמענ אזש א ציטער געטאָנ, געוואָרנ בלייך, געוואָלט זאָגנ ווילהעלמענ ער זאָל א יאָג טאָנ שטארקער דאָס פערד, נאָר אפנ טראָטואר איז געגאנגענ פארטראכט א שיינער גאלאנטנער יונגערמאנ אונ זי האָט א רופ געטאָנ:

— ווילהעלם, שטעל אָפ אפ א מינוט. ווו זעסטו אים דעם צימערמאנ? פונ וואנענ קאָנסטו אים?—האָט זי זיך מיט נײַגער געווענדט צו דעם שוועסטערל אונ ביידע זײַנענ אראָפ פונ עקיפאזש.

— פונ יענע יאָרנ אינ גימנאזיע קאָנ זי אים,—האָט די יונגע געזאָגט,—נאָר הײַנט

וואָלט זי אים ניט דערקאָנט. איר כאַווערטע לוריע האָט איר אָפּ אים אָנגעוויזן. זי איז צו אים ניט גלײַכגילטיק, די לוריע. ער וווינט טאַקע בײַ זײ אין דירע.

— בײַ די לוריעס אין דירע?—האָט בראָניע גינזבורג געשטוינט,—אַזאַ באַנדיט, אין שטרײַק-קאָמיטעט איז ער דאָך. און זי האָט זיך אויסגעגלײַכט מיטן יונגנמאַן און באַמערקט דאָס שוועסטערל ווי אַ גרויסער קענער.

— אָט דער דאָזיקער איז זײער אַ בראַווער, ווער דאַרף ער זײַן?

— אָט דאָס איז ער דאָך, דער מיכאל צימערמאַן,—האָט די יונגע געקוואָלן, צוליב וואָס זשע ביסטו אַראָפּ פון עקיפּאַזש, כאַ־כאַ.

דער דאָזיקער אין העלן אָנצוג?—זי איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, גאָרניט געוואָלט זיך אַרויסגעבן פאַר דעם שוועסטערל, אַז זי קאָן האָבן אַ טאָעס אין אַ מענטשן. וואָס איז אין אַ שטרײַק־קאָמיטעט,—אָט צו פּראַנסואַ אין קאַפע קום אַרײַן, עפּעס צובײַסן גלוסט זיך מיר, ווילהעלם,—האָט זי באַפוילן,—וועסט צוואַרטן.

אָט פון דעמלסט האָט זי שוין גאָר קײן געדולד ניט געהאַט, די מאַדאַם גינזבורג. זי האָט נאָך געוואָלט זעלבסט דורכשמועסן זיך מיט צימערמאַנען, דעם שטרײַק־קאָמיטעט.

איצטער אָ, ווען דער פּאַפּאַ האָט זיך איר אונטערגעגעבן האָט זי באַפוילן:

— סוכאַצקי, איר וועט מיר אים פאָרשטעלן אָט דעם שטרײַק־קאָמיטעט. איך וויל מיט אים זעלבסט זיך אַ ביסל אַ דינג טאָן.

ער האָט אין האַרצן געלאַכט סוכאַצקי, וואָס אָט די שײנע טיגערן מײנט אַרײַנלאָזן אירע נעגל איר קאָרבן אין האַלדז אָן אַ ווידערשטאַנד. זאָל זי פּרוּוון זיך מאַכן געפּײגערט. ער וועט גרייט זײַן, אָט דער נעבעכדיקער פּראָלעטאַריער, אָפּשינדן איר פעלכל אפילע בעפּײגערטערהייט, ווײַל ער איז גרייט שינדן צען הויטן.

— דו לאָזט זיך ניט רײַרן,—האָט סוכאַצקי מיט אַ נעבעכל געזאָגט צו צימערמאַנען.—גלויב מיר, אַז עס קריכט שוין מיר אַליין פון האַלדז אָט דאָס דינגען זיך מיט דיר, אָבער וואָס קאָן איך טאָן. ער, דער אַלטער, איז אײַנגעשפּאַרט. גאַזלאָוואָיע, זאָגט ער, איז דאָס. ער איז נעכטן גרייט געווען איבערײַסן מיט דיר אַלע אונטערהאַנדלונגען. דאָס איז, זאָגט ער, ניט מער זײַן פראַגע, זאָל טאָלמאַטשאָוו, זאָגט ער, זיך מיט דעם פאַרנעמען. נאָר זי, די יונגע מאַדאַם, האָט אים אָפּגעהאַלטן. זי ווערט אַ קאָמפּאַניאָן אין געשעפט און וויל האָבן איר מײנונג, זי וויל זיך אַליין מיט דיר דורכרײדן, זאָל זי, וואָס בין איך דאָ טאַקע אינדערעמעסן, וואָס האָט מען צו מיר? איך בין אַ מענטש, אַן אָנגעשטעלטער ניט מער.

אָט אָפּ דער דאָזיקער באַגעגעניש מיט דער יונגער מאַדאַם איז ער צימערמאַן געגאַנגען מיט היפּש אַמביציע.

— צי מײנט זי ניט, די יונגע דאַמע, אַז זי וועט אים לײַכט פאַרדרײען דעם קאָפּ פאַרן אַלטן געניטן בער זאָנגאַרד? צי געפינט זי ניט, אַז זײַנע בײַטשן שמײַסן שלעכט אָדער זײַנע הענט ציטערן, און אַז אירע אויגן, אירע פאַראַכטנדיקע בליקן וועלן ביז בלוט שמײַסן, באַלײדיקן, צונישט מאַכן.

ער איז אין זײַן אַמביציע נײַגעריק געווען עס צו זען—ווי וועט זי עס אים באַגעגענען? ווי וועט זי עס פון אים מאָנען? מיט וואָסער האָזע און פּרעכקײַט און מיט וואָסערע גענעמס גרעסערע וועט זי אים שרעקן, אויב מאָרגן, באַלד וועלן אַלע אַרבעטער ניט שטעלן זיך צו דער אַרבעט אָן קײנע באַדינגונגען? ווי, מיט וואָסערע נײַע

מיטלען וועט זי עס טאָן? מיטלען, וואָס זײַנען נאָך ניט באוווּסט ניט אָנגעווענדט אין דער פּראַקטיק פון קלאַסנקאַמף? זיצנדיק אפן פולן טײַסטער מיט גאָלד, וועט זי איר קאַרג־שאַפט דערפירן ביז זשעדנעקײַט, זי וועט געוויס מיט אירע ווײַסע ציין ניט שעמען זיך בײַסן אין זײַן לײַב, ביז ווייטעק אָן צערעמאָניעס ווי עס פאַרגינט זיך יעדע גרויסאַרטיקע כײַע צו איר נידעריקן מין. ער איז געווען גוואַלדיק נײַגעריק און פול מיט אַמביציע און גרייטקײַט אפּ אָפּצוּווערן איר יעדן אָנפאַל אויך אָן צערעמאָניעס, ניין, מיט איר וועט ער זיך שוין גאָרניט לאָזן דינגען.

דעם גאַנצן צעטל פאָדערונגען, און פאַר די וואָס אַרבעטן אַ פרײַזקוראַנט. ער וועט אויך אָן צערעמאָניעס לאָזן זײַנע נעגל, זײַנע ציינער זי זאָל זיי דערפירן ביזן צענטל ריפּ, אַז זי האָט דאָ צו טאָן מיט אויסגעפּרוּוטע פון אַ קלאַס, וואָס ווייסן וואָס אזעלכעס איז טאַקטיק, מאַנעוור און סטראַטעגיע אין קאַמף.

ערשט האָט ער זיך מיכאיל ווידער דערפילט ווי דער פאָרשטייער פון אַ קלאַס, וואָס האָט ניט אוועקגעלייגט און וועט קיינמאָל ניט אוועקלייגן די געווערן אין זײַן קלאַסנ־קאַמף. אָנגעגורט מיט פײַנטשאַפט, אונטערגעשמידט מיט באוווּסטזײַן פון זײַן גאַנצער גערעכטיקײַט, איז ער אוועק צו דער יונגער פון דער קאָמפּאַניע זאָנגאַרד.

דאָס געוועער, וואָס מיכאיל צימערמאַן האָט אזוי ערנסט געשאַרפט, איז נעבליבן ליגן אין שייד ניט גענוצט.

אין טאַטנס קאַבינעט, וואָס באַם קאָנטאָר, האָט אים די יונגע מאַדאַם אופגענומען זייער מילד, געבעטן אים זיצן. און געקוקט מיט די אויגן פון אַ מוטער אפּ איר היפּש אויסגעוואָקסענעם ייִנגל.

— ניין, פון קיין שטרײַק־קאָמיטעטן וויל זי ניט ריידן מיט אים. סוכאַצקי, דער פּאַפּאַ מיינען זיי וועלן זיך שוין אליין צונויפריידן מיט די אַרבעטער. זי וועט אים אָפנהער־ציק זאָגן, זי איז צוויי יאָר געזעסן אין אויסלאַנד און געהיילט אירע נערוון. אזוי אָנגע־שראָקן איז זי געווען אָט פאַר די אַרבעטער, די האָלאָטעס, וואָס האָלטן פאַרשטעקט אין בוזים דרײַ רעוואָלווערן קעגן בורזשוי, קעגן זײַן טאָכטער. כאַ־כאַ,—האָט זי זייער שיין געלאַכט פון איר אָנגעשראָקענער פאַנטאַזיע, אזוי אויך פון איר נײַער אַנטדעקונג—האָ־לאָטע איז דאָך אַ קינסטלער אין אַלע מאַנערן. אָט דער בראַווער דזשענטעלמאַן, וועלכן זי האָט געלערנט פון דער נאָענט, קאָן זיך גלײַכן מיט יעדן סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט פון אַן אײראָפּײִשן פּאַרלאַמענט. זי האָט דאָרטן אין אויסלאַנד פּערזענלעך געקאָנט דעפּוטאַטן־סאָציאַליסטן עמעסע פײַנע לײַט. מיכאיל צימערמאַן האָט דערפילט, אַז דאָס קנייטעלע אין אים צינדט זיך אָן.

— נאָך וואָס האָט זי אים אהער גערופן? ניט שוין טאַקע צוליבן פּלאַפּלען וועגן איי־ראָפּײִשע סאָציאַליסטן. אויב אזוי איז די כײַע ניט מער ווי אַ בעהיימע. ער וועט שטעלן סוכאַצקין פאַר אַ פאַקט. אויב נאָך הײַנט וועלן זיי ניט אײַנגיין אפּ די פאָדערונגען, וועט ער מאָרגן אופהייבן די אַרבעטער פון פאַבריק. און זאָל זי די דאַמע פּלאַפּלען וועגן סאָציאַליסטן און קוויקן זיך מיט דעם בראַוון האָלאָטעס.

ער איז פון דעם געדאַנק, מיכאיל צימערמאַן, באַ זיך זעלבסט אין די אויגן אויסגע־וואָקסן קעגן האָלאָטען. אויב ס'איז אפילע ניט אינגאַנצן עמעס, אין וואָס זאַרכע איז כוישעד האָלאָטע, איז אָבער קלאָר, אַז אָט דער האָלאָטע פון לינקס, מיט לינקער באַרי־מערײַ רײַסט אײַן שטאַרק מיט זײַן קלאַס, גייט אינגאַנצן אָפּ.

דאָס קנייטעלע האָט געברענט אַלץ ווײַטער אָבער פּונקט באַם רער מיט דינאַמיט האָט זיך עס פאַרלאָשן. און די באָמבע איז ניט אויפגעריסן. בײַ אים מיט זײַן האַרץ איז ניט געווען קיין אײניקײַט, אין זײַן קאָפּ איז געווען אַ צעצווייטקײַט.

עמעס, אַזױפיל געזינדן האָבן זיך אָנגעהױנגערט, אָבער איצטער קאָנען זיי דאָך גיין אַרבעטן. יעווע, פירע, אַרקאָ זוכן פאַרטיפערן דעם קאָנפליקט, אויסנוצן אַ סיטואַציע, אויסשפּילן. אָט איצטער וועט טאַקע הייסן פאַרפעסטיקן דאָס פריִער געוווּנענע, די פאַרנומענע פּאָזיציעס. אָבער אַז ניט? און ער, צימערמאַן, וואָס וועט ער פערזענלעך אויסשפּילן פאַר זיך. בלײַבן אין פאַבריק אַן אײביקער אַרבעטער. האַלאָטע האָט אַלע שאַנסן צו וואַקסן. בײַ זאָנגאַרדן אַ מענטש וואַקסט. מיט אַ געזיכערטן ביודזשעט קאָן מען לעבן פײַן מיט אַ געזינד, זאָנגאַרדס אַ צושנײַדער, געפינט זיך אַ קאָנאָפּאַטיעוו, ווערט מען אַ פירמע אַ קאָנקורענט.

דער רער מיט דינאַמיט האָט זיך אויסגעוועבט. אַ זעלטן שיינע מילדע פרוי איז געזעסן אַפן דיוואַנטשיק, אַפן קײַלעכיקן טישל איז געשטאַנען אַ וואַזע מיט פרוכטן. זי האָט אַ שיינע לאַנגע האַנט געהאַלטן אַפן טישל, מיט פײַנע פינגער לאַנגע געטאָקטע האָט זי גענומען אַן עפּל און דערלאַנגט אים און אַליין אויך אָנגעביסן אַ שיינעם עפּל, וואָס האָט אין פאַרב געגלײַכט זיך מיט איר פּאָנעם. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי האָט אים פאַרבעטן אַפּ אַ ווײַלע, זי האָט געקוואָלן פון האַרצן, געקוואָלן אָפנ‏ריכטיק.

אַנומלט האָט זי געהייסן ווילהעלמען אָפּשטעלן דעם עקיפּאַזש און אײַנמיטן געווימל מענטשן איז זי געשטאַנען און נאָכגעקוקט אַפּ אים, דעם שטרײַק-קאָמיטעט, אַפּ וועלכן איר שוועסטערל האָט איר אָנגעוויזן. אָבער ניט צוליב דעם האָט זי אים דאָס מאָל פאַרבעטן. זי האָט צו אים אַ זאַכלעכן פאָרשלאַג. זי האָט וועגן דעם גערעדט מיטן טאַטן. די אינסטיטוציע פון צושנײַדער איז דאָ זייער פאַרלאָזן אַמערסטן זײַנען דאָ צושנײַדער גאַנץ טאַלאַנטפולע, אָבער ניט קיין פול געשולטע, אַפּט מיט פּראָווינציעלן געשמאַק. דאָס ציט אָפּ די בעסטע קונדן קיין אויסלאַנד. זי האַלט, אַז אַזעלכע באַגאַבטע אַרבעטער, ווי האַלאָטע, צימערמאַן וואָלט די פירמע באַדאַרפט פאַרקאָנטראַקטירן און שיקן אין אויסלאַנד דורכמאַכן אַ שול.

מיכאַיל צימערמאַן איז שוין געווען גאָר, גאָר אַנדערש צעוואָרעמט, ער האָט זיך נאָך געפּרוּווט אָנעמען מיט גאַז. ער האָט נאָך געפּרוּווט אָוועקשטעלן די פראַגע, אַרומגיין רונד אַרום.

— פּופּציק פּראָצענט אַרבעטער, וואָס זײַנען געבליבן אויסערן פאַבריק האָבן אַרויסגעשטעלט גערעכטע פאָדערונגען, די פירמע מוז קומען אַנטקעגן די גערעכטע פאָדערונגען די, וואָס אַרבעטן, מאָנען אויך אַ פרײַזקוראַנט, די פירמע קאָנאָפּאַטיעוו-נעוולשטיין איז גרייט זיי אַלעמען נעמען צו זיי אַפּ די באַדינגונגען.

זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט מיט אירע שיינע הענט פון דער פראַגע:

— ניין, אין דעם מישט זי זיך ניט. זי האָט יאָ געהערט, אַז דער פּאַפּאַ איז גרייט נאָכגעבן גערעכטע פאָדערונגען, נאָר מע וויל אים נעמען פאַרן האַלדז. נאָר אָט וועגן דער פראַגע פון דער אינסטיטוציע צושנײַדער איז זי פאַרינטערעסירט און זי וועט עס דורכפירן, וואָרעם אַ הײַנטיקער מאָדע-סאַלאָן מאָנט העכסטע קוואַליפיקאַציע. ווי מיינט ער, צימערמאַן, זי איז גערעכט, וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אינצידענט מיט נעוולשטיינען, איז דאָס אַפילו ניט קיין סעזאָן-דויערונג.

5

סוכאצקי האָט זיכ אינ זײַנ דינגעניש דערעדט.

— א טײל ארבעטער וועלנ קריגנ אויסגעצאָלט פאר צווײ וואָכנ, אונ א טײל ארבעטער פאר אײנ וואָכ. אונ גלײַכ זאָל מענ צוטרעטנ צו דער ארבעט. דאָס איז געווענ א זיג. מע האָט געקאָנט אפּ דעמ אײַנגײנ. אָבער דאָס האָט ארײַנגעטראָגנ א צעטומלונג אינ די ארבעטער־רײענ.

— וואָסערע ארבעטער אונ וויאַזוי וועט מענ זײ צעטײלנ אונ ווער וועט זײ צעטײלנ לויט וואָסערע סימאָנימ? דאָס איז געווענ א ווענטקע. דער שטרײַק־קאָמיטעט האָט ניט געקאָנט אפּ דעמ אײַנגײנ.

דעמאָלט וועט מענ שוינ דארפנ אויסארבעטנ ניט אײנ פּו־ײַזקוראנט, נאָר עטלעכע, פארנ זעלבנ פּראָצעס ארבעט וועט מענ צאָלנ פארשײרנ. דאָס וועט צערײַסנ די ארבעטער, דאָס ו'עט ניט זײַנ.

מיכאיִל האָט אפּ א פארזאמלונג גערעדט אונ געוווּנקענ צו א טײל ארבעטער:

— ניט אלע ארבעטנ גלײַכ, ניט אלע פארדינענ גלײַכ.

ער האָט א געוויסע גרופּע ארבעטער געוווּנענ פאר זיכ. אָבער דער טומל איז געווענ גרויס, קעגנ אימ איז געשטאנענ דער גאנצער שטרײַק־קאָמיטעט מיט יעווענ צוזאמענ.

יעווע האָט פונ יענעמ אָוונט ניט גענעכטיקט בא אימ. די פראגע פונ א דירע האָט מיטגעשלעפּט די פראגע פונ אויסשטאטונג. דער שטרײַק־קאָמיטעט האָט אימ געוואָרגנ באמ האלדז, די קלאָרע אָנצוהערעניש פונ דער יונגער מאדאמ, דער אָנבאָט. די מעגלעכקײַט צו פאָרנ אינ פּאריזש, צו דורכגײנ א שול האָט אימ פארכאפּט אונ ער האָט געפונענ פאר נײטיק פארשווײַגנ לעסאטע פאר יעווענ דעמ געשפּרעכ מיט דעמ באלעבאָס טאָכטערל.

אײנער דעמ צווײטנ האָט נאָכ געגלויבט, געווענ געטרײַ, בלויז פונ צוועקמעסיקײַט פארשוויגנ מאָמענטנ, קעדײ ניט אופּרעגנ אײנער דעמ צווײטנ, ניט שווער מאכנ דאָס הארצ מיט איבעריקנ באלאסט.

— ער וועט אײַנגײנ אפּ צווײ וואָכנ סוכאצקי פאר אלעמענ. ער וועט אײַנגײנ, ער וועט מוזנ אײַנגײנ!

מיטאָג־שאָ פארנ טויער פונ פאבריק האָט געטומלט. מיכאיִל האָט געבעטנ יעווענ זי זאָל גײנ מיט אימ אפּ דער רישעליע מיטאָג עסנ. ער זעט זי ווייניק. הײַנט בא דער ארבעט איז ער אופּגערעגט געווענ. ער האָט זיכ דערוווּסט, אז זי פירט אנ אגיטאציע אינ פאבריק, זי, וואָס דארפ זיכ ערשט אויסלערנענ ארבעטנ. ער האָט געוואָלט, אז דאָ אינ פאבריק זאָל זי זיכ וואָס ווייניקער, וואָס ווייניקער ווארפנ אינ די אויגנ. בא דער ארבעט האָט ער מיט איר ריידנ ניט געקאָנט. אָבער בא מיטאָג־שאָ איז זי ווײַטער ניט געוואָרנ, איז ער אוועק אלײנ פארביטערט אפּ איר,—אפּ זיכ, אפּנ גאנצנ לעבנ.

— אָט האָט איר זופּ מיט קנישעקלעכ. איר וועט באפוילנ דערלאנגענ שלײַענ אינ סמעטענע מיט כריינ. די דאמעלע אײַערע איז שוינ אויכ דאָ.

ער ווייס שוינ, דער קעלנער, וואָס מיכאיִל צימערמאנ האָט ליב—שלײַענ אינ סמעטענע מיט כריינ אונ דערנאָכ דעמ פלייש, אָבער איצטער איז אימ מיכאיִלנ ניט צו דעמ.

ער קוקט זיכ ארומ דערשראָקנ, מיכאיִל, ער זוכט דעמ אויסגעטרונקענעמ זארכאנעג. ער איז ניטאָ, דאָס זײַנענ נאָר זײַנע שיקערע רייד פארבליבנ אינ זײַנ קאָפּ.

— עס, יעווע, זופּ מיט קנישעקלעכ, דערלאנג, קעלנער, קאבאקעלעכ געפילטע אינ

פּאַמידאָרן זופּ, שלײַען אין סמעטענע מיט כריין. דערלאַנג. און ער, אַ פײַנער אַרבעטער, וועט אַ מיטאָג ניט אָפּאַטערן מיט דיסקוסיעס, מיט אונטערערד.

— איך בין זאַט מיט אומרו, זאָגט זי, סוכאַצקי פאַרציט באַוווסטזיניק מיטן ענטפער. די אַרבעטער קאָנען מער ניט וואַרטן. די אַרבעטער אין פאַבריק זײַנען זיי גרייט אונטערהאַלטן אפילע מיט אַ שטרײַק.

— איבעריקע רייד, דאָס איז דײַן אויסטראַכטעניש, קיינער וועט ניט שטרײַקן.

— מע וועט שטרײַקן. פאַרוואָס ביסטו ניטאָ אָט ווען מע דאַרף דיך?

— מע וועט ניט שטרײַקן,—זאָגט ער קאַטעגאָריש,—מע וועט פאַרשלינגען אין רייד אַ מיטאָג, פאַרשטאָפּן דעם מאָגן מיט ניט קיין צעקײַטע ביסנס און מיט קראַנקע מאָגנס וועט מען זיצן אין וואַרשטאַט און וואָרטשען זיך אין באָרד אַרײַן.

— עס גרוילט מיך, מיכאַיל, אַזעלכעס פון דיר צו הערן, איך קאָן ניט עסן, איך וועל לויפן.

— ניין, זיץ, עס, הער, עס פּלאָגט מיך אַ פראַגע, איך האָב ליב, איך האָב רעכט צי ניט? איך האָב עס נאָך קיינמאָל ניט געפילט אַזוי שטאַרק ווי איצטער. איך האָב ליב און איך שמאַכט אין בענקשאַפט און פּלאָג זיך שווערע אָוונטן, וואַרטנדיק אף דיר, און דו קומסט ניט, ביסט ניטאָ מיט מיר.

—איך פיל דאָס זעלבע און פּלאָג מיך, מיכאַיל,—האָט זי מיט ליבע זיך געבעטן. איך וויל דיך האָבן פאַר אונדז אַלע, דו ביסט פון די ווייניקע בא אונדז אַנטוויקלטע אויסגעשפּילטע פּראָלעטאַריער, איך וויל דיר בינדן מיט דער ליבע צו מיר, צו אונדז, צו אונדזער קלאַס. ניין, זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעריטן, ניט פאַרענדיקט דאָס, וואָס הײַנט האָבן אירע אויערן געהערט.

— ער וועט פאַראַטן מיכאַיל ציטערמאַן, ער רײַסט זיך, ער ברענט פון קינע צו האָלאַטען.

ב. מאלטינסקי

# לידער

״.

כאווער בריון־טרעגער, ברודער ליבער
זע, מײַן בריוול נאָר, דו לאָז ניט איבער.

קענסט אים ערגעצ—ווו נאָך פארלירן.
עס קאָן בלײַבן נאָך בא פרעמדע טירן,

ביסטו קאָנטיק אפ מיר בייז געוואָרן,
האָסט קיין בריוול, זאָגסטו, ניט פארלאָרן.

ליבער בריון־טרעגער, גוטער כאווער!
איך בין א דיכטער דאָך א קוטשעראווער!

אוי פארלירן פלעג איך און פארפאלן,
אוי געווען זײַנען אזעלכע פאלן...

ס׳פלעגן קומען נאָר די גוטע גריסן:
— אײַ, דו ברודער איינער, מעגסט שוין וויסן.

זי האָט ליב באקומען גאָר א צווייטן,
זי האלט דיך גאָר פאר א צעדרייטן.

טאָ זײַ זשע בריון-טרעגער ניט בארויגעז —
אָט דאָס בריוול איצט פון קאָפ מײַן אויג איז.

זי וועט לייענען די גוטע שטעלן.
זי וועט פרייען זיך, איר וועט געפעלן.

זי וועט לייענען און ליבן שטארקער
עפשער ליגן דאָ נאָך א מארקע?

ליבער בריון־טרעגער, גוטער כאווער—
איך בין א דיכטער דאָך א קוטשעראווער.

"״"

פריי זיך, זונעלע, צוויטשע, פײַפּ!
נעם איך דיך ארומעט שטײַפּ,
ווארפּ מיט פיסלעך, בריקע זיך,
מיט די הענטלעך דראפּע מיך.
דראפּע, קרעל מיר אָן מײַן שטערן,
וועלן מערער קארבן ווערן,
וועל איך נעמען מערער קלערן,
וועל איך, זונעלע, קליגער ווערן.

פאר די שיינע שוועסטערלעך,
פאר די קליינע ברידערלעך
זינגט דײַן טאטע לידעלעך.
און די לידעלעך לעזט מען פיל.
צוויטשע, זונעלע, פריי זיך, שפּיל,
ווי די פייגעלעך באגינען.
וועל איך קויפן אפּעלסינען,
אפּעלסינען זיסינקע.
שפּיל זיך נאָך א ביסינקע.
ווארפּ מיט פיסלעך, בריקע זיך,
מיט די הענטלעך דראפּע מיך,
דראפּע, קרעל מיר אָן מײַן שטערן,
וועלן מערער קארבן ווערן,
וועל איך נעמען מערער קלערן,
וועל איך, זונעלע, קליגער ווערן.

"״"

מיטן שניי־קויל טרעף איך אָן אין סלופּ,
אָדער גאָר אין קוימען פון דער שטוב.

שטייט דאָרט אפן קוימען גראָד א ראָב
און דער שניי-קויל טרעפט דעם ראָב אין קאָפּ.

באקומט ער גאָר דער ראָב אן אנדער כיין —
א ווײַסינק היטעלע, וואָס פאסט אים אזוי שיין.

שפּרינגט א שפּערל אפ די דראָטן מיט א פרייד —
זײַנען כעוורעלײַט א נײַסעלע פארשפּרייט...

שפּרינגען שוין די שפּערלעך מיט דער נײַס —
דער ראָב דער שווארצער איז געוואָרן ווײַס.

נאָר איינ שפערל קענ דאָס ניט פארשטיינ—
א ראָב א שווארצער מיט א ווײַסער קריינ.

פליט ארום דער ראָב דער קלוגער איבער שטאָט—
לאכט מענ פונ אימ אָפּ אפ יעדנ טראָט,

— א ראָב א שווארצער מיט א ווײַסער קריינ,
סארא כארפּע, ווי ניט שיינ...

## אביסל דיכטערישע זעלבסטקריטיק

מײַנ לעבנ—א פערטל יאָרהונדערט
אונ כ׳האָב נאָכ די ערד ניט באוווּנדערט.

באנײַס אונ באנײַס דארפ איכ בויענ
ביזנ הימל, ביזנ סאמע בלויענ.

דער שיינער געזאַנג זאָל זיכ הערנ
ביז די ליכטיקע, זילבערנע שטערנ.

איכ האָב שוינ געמיינט, אז ס׳איז פארטיק,
אז ס׳איז יאָנטעוודיק, אז ס׳איז גרויסארטיק;

זאָגט מענ גאָר—דארפסט זיכ ניט קאָכנ,
עס איז נאָכ בא דיר אינדערוואָכנ.

לייג איכ ווידער שוינ ציגל נאָכ ציגל,
עס לאכט שוינ מײַנ קינד פונעם וויגל.

ס׳איז א האָר שוינ באזילבערט געוואָרנ
אונ נאָכ אלצ ניט באוווּנדערט די יאָרנ.

עס זײַנענ נאָכ מײַנע שיינע געזאנגענ
צום צווייטנ שטאָק ניט דערגאנגענ.

אונ ביז די ליכטיקע, זילבערנע שטערנ,
ווער מײַנ קאָפּ נאָכ א זילבערנער ווערנ.

נאָר פלאמענדיק, גלייַק מײַנ ווילנ,
איכ קאָנ אימ ניט צאמענ, ניט שטילנ.

ער וויל בויענ, אונ בויענ אונ בויענ
ביזנ הימל, ביזנ סאמנ בלויענ.

ה. רעלעס

# אפן טיש א בינטל בלומען

הייסט עס, מער וועט זי ניט קומען,
ס'וועט ניט העלפן קיין געבעטן
— — — — — — — — — —

אפן טיש א בינטל בלומען
און א פעקל סיגארעטן.
און מיט געדאנקען פול דער קאָפּ איז
איז געררויכערט און פארציט זיך,

ליגט א ביכל, כ'עפן אָפּעט
כ'טו א בלעטער און פארטיף זיך.
און מיר דוכט...
עס פייפן באנען

און זיי פליִען פייל אויס בויגן
פלוצלינג ווייס איך ניט פון וואנען
זייִנען געסט אריינגעפלויגן.

פון מיין קינדהייט ווייסע טויבן
און זיי פליִען דאָ און דאָרט
זיי צעברעכן מיר די שויבן
איך פארמאָג שוין ניט קיין אָרט.

לייג איך דאן דעם בוך א נידער
און כ'פארגלאָנץ די אויגן העכער
און מיר דוכט, איך קלעטער ווידער
אפ די בוידעמס, אפ די דעכער.

און מיט טויבן פון דעם בוידעם,
און מע שלאָגט מיך גין די שלייפן
— טויבן צארטע, איר וועט מוזן,
איר וועט מוזן איצט אנטלויפן.—

צוליב וואָס דארפט איר איצט ווינקען
כ'וועל דאָך שוין ניט קומען ווײַטער,
כ'בין דאָך גאָרניט יענער ייִנגל,
דער באַליידיקטער פארשײַטער.

כ'קוק אצינד אין בלויע הויכן,
שטאָלץ אזוי דעם קאָפ פאריסן,
כ'וויל קאמאנינען דערגרייכן,
אז די גאנצע לאנד זאָל וויסן.

אז מײַן מיידל זאָל דאן קומען
און מיר צערטלען און מיך גלעטן
— — — — — — — — —
אפן טישל א בינטל בלומען
און דערברענטע סיגארעטן.

ע. גאָרדאָנ

# דער זיידע הילעל אונ זײַנע אייניקלעכ

דער אלטער הילעל איז אפ זײַנ לעבנ פונ דאָרפ ניט ארויסגעפאָרנ. צוזאמענ מיט די גראָזנ איז ער דאָ געוואָקסנ אונ פארוויאנועט געוואָרנ.

א וויאָרסט דרײַסיק פונ זײַנ דאָרפ האָט געשווינד טאָג נאָכ טאָג זיכ געטראָגנ א צוג. דער צוג איז געגאנגענ צו א רוישיקער שטאָט מיט א שטורמישנ יאם. אפנ שטורמישנ יאם האָבנ זיכ געטראָגנ שיפנ צו שטעט אונ צוזאַמענ לענדער. נאָר דעמ אלטנ איז דאָס ניט אָנגעגאנגענ. ער איז זיכ געלעגנ ווי א כײַע אינ איר נאָרע אפ זײַנ קליינ שטיקעלע מאָגערע ערד אונ געהאָדעוועט די גרינע טוועע מיט זײַנ שווייס. אזוי איז ער אָפגעלעגנ קנאפּע הונדערט יאָר. פונ אלע פארלאנגענ האָט דער אלטער פארמאָגט איינ פארלאנג—עסנ. עסנ פאר זיכ אונ פאר דער ערד רעגנ, ער זאָל אימ קאָרמענענ די ערד. איז ער געגאנגענ אינ בעסמעדרעש אויסבעטנ זײַנ פארלאנג. אינ טיפנ עלטער ווענ ער האָט דערפילט, אז זײַנ פארלאנג וועט אפ דער ערד שוינ ניט מעקוימ ווערנ איז ער געגאנגענ בעטנ זײַנ פארלאנג זאָל מעקוימ ווערנ פאר די קינדער. „דער אויבערשטער זאָל זיי צושיקנ א גליקלעכערנ לעבנ“. אינ דער יוגנט האָט ער, אייגנטלעכ, בא גאָט געבעטנ זאָל מעקוימ ווערנ בא אימ נאָכ א פארלאנג—דאָס ווײַב זאָל אימ געבאָרנ זינ.

— כודאָבע פאַדערט הענט אונ געזונטע הענט האָבנ זינ אונ ניט קײַנ טעכטער. נאָר דאָס ווײַב האָט אימ אפ צולאָכעס געבוירנ נאָר טעכטער. האָט ער געשריענ אפ זײַנ ווײַב, געשאָלטנ איר, וואָס פארשיסטו מיר מיט טעכטער? ווי וועל איכ זיי קאָרמענענ? אונ ווי וועל איכ זיי צו א טאכלעס דערפירנ? יעדע מויד האָט א מויל אונ וויל עסנ אונ ווו וועל איכ איר נעמענ? יעדע מויד וואקסט אונטער אונ וויל א כאָסנ, א כאָסנ וויל נאדנ אונ ווו וועל איכ עס אלצ נעמענ?

האָט געוויינט די אלטע איבער איר ביטערנ גוירל, וואָס זי קאָנ אימ ניט געווינענ קיינ זינ. האָט געוויינט די אלטע איבערנ אומגליקלעכנ גוירל פונ אירע קינדער. זי האָט געוויינט אזוי לאנג, ביז אינ איר האָט זיכ דערוועקט א גליקלעכע האָפענונג, אז די כעיימע אירע וועט זיכ אָפּקעלבנ אונ וועט געבוירנ א קעלבעלע, פונ דעמ קעלבעלע וועט אויסוואקסנ א בהיימעלע, פונ דעמ בהיימעלע וועט געבוירנ ווערנ נאָכ א קעלבעלע אונ אזוי וועט זי אָנקלײַבנ נאדנ אונ וועט אינ גליק כאסענע מאכנ אירע קינדער. דער אלטערס האָפענונג איז מעקוימ געוואָרנ, די בהיימע האָט יעדנ יאָר געבוירנ א קעלבעלע, דאָס קעלבעלע איז געוואָקסנ אונ די טעכטער זײַנענ אויכ געוואָקסנ. יעדע טאָכטער האָט געפונענ איר כאָסנ, יעדע טאָכטער האָט געגעבנ איר כאָסנ א בהיימעלע אינ נאדנ אונ האָט אָפּגעראַמפּלט א כאסענע. דער אלטער האָט זיכ געעלטערט אונ יעדנ יאָר איז אימ פונ זײַנע טעכטער צוגעקומענ אנ אייניקל—זעקס אונ צוואנציק אייניקלעכ האָבנ אימ געבוירנ זײַנע

טעכטער—זעקס־ און צוואַנציק יונגען, און שלאַנקע קינדער אַזוינע ווי ער, ווי דער אַלטער
הילעל איז געווען אין דער יוגנט. נעמען האָט מען געגעבן זײַנע אייניקלעך, נאָך די
זיידעס און באָבעס און נאָך די אורזיידעס און אור־באָבעס, נאָך די פעטערס און מומעס,
נאָך אַלע נעמען וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דעם סימען פון די צוועלף ביבלישע שוואָ־
טים פון רוווענען, פון שימענען, פון לייווען און פון נאָך און נאָך.

דער אַלטער האָט נאָכגעקוקט נאָך זײַנע קליינע קאַראַפּוזן ווי זיי וואַקסן און אין זיי
האָט ער געזען דעם אָנהויב פון זײַן לעבן. פונקט אַזאַ איז געווען דער אָנהויב פון זײַן
לעבן, פונקט אַזוי האָט ער זיך בעוואַלגערט אין בלאָטעס, פונקט אַזוי איז ער געפלויגן
רײַטנדיק אַף אַ שטעקעלע און געשמיכן מיטן ריטעלע איבערן שטעקעלע, טרוימענ־
דיק פון די פריסטע יאָרן פון אַן אייניציקן פויערשן גליק—פון אַ פערדעלע אַן אייגנס.
פונקט אַזוי האָט זײַן טאַטע, ווען מע האָט צוזאַמען מיט טויזנטער יידן פאַר־
טריבן פון די הונגעריקע ליטווישע שטעטלעך אַף די ווילדע סטעפּעס פון אוקראַינע,
געטרוימט און געשטאָרבן אַזוי, איבערלאָזנדיק זייער טרוים די שפּעטערדיקע דורעס—
דעם טרוים פון אַן אייניציקן פויערשן פערדעלע. זײַנען זיי געוואַקסן אַזוי זײַנע
זעקס־ און צוואַנציק אייניקלעך, מיט זייער דורעסדיקן טרוים פון אַ שטיקעלע ערד, פון
אַ כאַטקעלע מיט אַ וואַרעמער הרובקעלע, פון אַ זאַטן שטיקעלע ברויט, און פון אַ פער־
דעלע אַ גוטס, און האָבן פאַרגעסן אָן דער טרוים פון זייערע אור־זיידעס, פון אַ גליק־
לעכן יאַריד און פון אַ שײנעם געשעפט. דעם דאָזיקן טרוים האָבן אָבער דעם זיידנס
אייניקלעך גיך אָנגעוואָרן. דאָס איז געשען אין יענע שטורמישע יאָרן, וואָס האָבן צע־
טרייסלט דעם זיידנס לעבן און אים געצוווּנגען לעבן אַנדערש, ווי צוריק מיט הונדערט
יאָר. דער זיידע הילעל האָט זיך שוין געקליבן אַפן אויוון דערוואַרעמען מיט פײַער
זײַנע אָפּגעקילטע יאָרן. פּלוצים האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זײַנע אייניקלעך זײַנען זיך
צעלאָפן ווי די פייגלען פון די נעסטן, זיי האָבן זיך צעשפּרייט זײַנע אייניקלעך איבערן
לאַנד, זיי זײַנען אַוועק מיט די צוגן, וואָס דער זיידע האָט ניט געזען, די צוגן האָבן
זיי געפירט צו די שטעט צו די שטורמישע יאַמען, פון די שטורמישע יאַמען זײַנען זיי־
אַוועק מיט די שיפן אַף ווימלענדיקע פראָנטן.

דער זיידע האָט פון ווײַטן געהערט כויבע שיכעוײַען, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז
דאָס שיסן זײַנע אייניקלעך. דאָס שיסט לייווע—הערסט, פלעגט ער טאַרען דער טויבלע־
כער באָבען, דאָס שיסן די קינדער, כאַימקע, בײשקע און שלוימקע, הערסט ווי זיי שיסן.

— וואָס שיסן זיי עס?—זיי קאָנען דאָך כאַסוועשאָלעם אַ מענטשן דערהאַרגענען האָט
די באָבע געוואָרטשעט.

— אין יענע יאָרן האָט דער זיידע מיט דער באָבען זיך אויסגעלערנט אַלע פראָנטן
פון צאַריצין ביז קאָוועל, אַלע סאָנים און אַלע פרײַנט. פּאַרטײַטש אונטער די פּאַטשיילעס
האָבן דעם זיידנס טעכטער געטראָגן צום זיידן בריוו פון די קינדער און מיט פּאַרוויינטע
אויגן זיי אויסגעלייענט. די בריוו זײַנען געגאַנגען פון ווײַטע פראָנטן, יעדע בריוו פון
אַ באַזונדער פראָנט, יעדעס קינד האָט געשריבן פון אַ באַזונדער העלד—אַ קאָמאַנדיר
און אים אָנגערופן דעם קאָמאַנדיר „כאַווער". (פון כאַווער בודיאָני, פון כאַווער וואָראָשי־
לאָוו, פון כאַווער סטאַלין און פון כ' פרונזע). דער זיידע האָט זייערע נעמען פאַרגע־
דענקט ווי זײַנע קינדערס נעמען און זיי אָנגערופן מײַנע „קינדערס כאַוויירים".

— מײַנע קינדערס כאַוויירים זײַנען אַזעלכע העלדן, אַז זיי קאָנען אַ וועלט איבער־
קערן, איר שפּילט זיך מיט העלדן, האָט דער זיידע שטאָלצ געזאָגט צו די פּויערים.

— פאַרוואָס זייַנען זיי עפּעס נאָר דייַנע קינדערס כאַווײרים? פאַרוואָס זייַנען זיי ניט אונדזערע כאַווײרים אויכ, וואָס פאַר א באַזונדער כײלעק האָבנ זיי אַרייַנגעלײגט אינ זיי.

— זיי שלאָגנ זיכ מיט זיי צוזאַמענ, האָט דער זיידע שטאָלצ אונ אופגערעגט אויסגעשריִענ, זיי האָבנ זיי אַליינ געזענ מיט זייערע אויגנ, זיי האָבנ צוזאַמענ מיט זיי געריטנ אונ האָבנ צוזאַמענ מיט זיי געשאָסנ.

דער אַלטער האָט שוינ די בריוו אָפּ אויסווייניק געוווּסט. נאָר ער האָט זיי אַלע ווייַלע פונ ס'נייַ געלייענט, עפּשער וועט ער דאָרטנ נייַס איבערלייענענ. ער האָט זיי געלייענט די בריוו אַזוי לאַנג, ביז עס זייַנענ אָנגעקומענ נייַע בריוו, מיט נייַע נייַסנ.

זיי האָבנ זיכ אונטערגעשריבנ זייַנע אייניקלעכ, ניט מיט זייערע פּאַשטעטע, ייִדישע נעמענ, ווי זייערע טאַטעס אונ באָבעס האָבנ זיי אָנגערופנ, זיי האָבנ צו יעדנ נאָמענ צוגעגעבנ נאָכ א נאָמענ—קאַוואַלעריסט כאַיִמ—האָבנ זיי זיכ אונטערגעשריבנ, אַרטילעריסט שימענ, מאַטאָריסט שליימע, נאָר אַלע האָבנ זיי זיכ אונטערגעשריבנ אונטער דעמ זיידנס פאַמיליע.

— הערסט פייגע, ווי מע רופט זיי אונדזערע קינדער, האָט דער זיידע גענומענ טאַרענ דער באָבענ, אַזעלכע נעמענ זייַנענ גאָר אינ אונדזערע צייַטנ ניט געווענ, דער פעטער בערל אָלעוואַשאָלעמ, וואָס איז געווענ דער גרעסטער גוואַר, אַז א אוראַדניק האָט פאַר אימ געציטערט האָט מענ אימ אויכ גערופנ פראָסט בערקע אונ ניט קאַוואַלעריסט בערקע. אונ דער פעטער שליימע אָלעוואַשאָלעמ, וואָס האָט געקאָנט אַזוי גוט כעזשבענענ, אַז ער האָט אפילע א פּאָרעצ געקאָנט אָפּנאַרנ, האָט ער אויכ אַזוינס ניט דערלעבט. ווו האָט מענ זיי עס געזייט אונ ווו זייַנענ עס געוואָקסנ אַזעלכע מענטשנ מיט אַזעלכע קעפּ.

אונ זינט דאַנ האָט דער זיידע אָנגעהויבנ רופנ זייַנע אייניקלעכ ניט פּראָסט מענטשנ, נאָר גרויסע מענטשנ. ער האָט זיכ אָנגעהויבנ גרייסנ מיט זייערע נעמענ, ער האָט זיי אָנגעהויבנ אַיינכאַזערנ, פריִער אינ זיכ, אונ נאָכדעמ מיט דער באָבענ, וואָכנלאַנג האָט ער לאַנג געכאַזערט די שטעט אונ די ערטער אינעמ לעבנ, ווו זייַנע אייניקלעכ זייַנענ צעשפּרייט.

אינ זאַווייע אונ אינ פרעסט, אינ רעגנס אונ אינ בלאָטע, זייַנענ געקומענ מענטשנ אונ אימ געבראַכט נייַע בריוו פונ זייַנע אייניקלעכ, אינ די בריוו האָבנ זיכ זייַנע אייניקלעכ גערופנ מיט נייַע נעמענ, וועלכע דער זיידע האָט ווידער ניט געקאָנט פאַרגעדענקענ, ווידער ניט געוווּסט זייער באַדייַטונג אונ ווידער ניט געפונענ קיינ שפּורנ פונ די נעמענ, אינ זייַנ זיידנ אונ אורזיידנ. די אייניקלעכ זייַנע האָבנ זיכ אָנגערופנ אינזשעניערנ, אַגראָנאָמענ, דאָקטוירימ אונ פּראָפעסאָרנ, טעכניקער אונ וועטערינאַרנ, שאָפערנ אונ קאָנסטרוקטערס.

— מאַמעלע, ווי פאַרגעדענקט מענ עס אַלצ אָנ, ווי האַלט מענ עס אינ קאָפּ, 26 אייניקלעכ, קיינ אַנהאָרע, זעקס אונ צוואַנציק נעמענ אַזעלכע, אויסלעבנ זאָלנ זיי זייערע יאָרנ מיט די נייַע נעמענ, ריבוינעשעלוילעמ, האָט די באָבע שטיל געשעפּטשעט.

די בריוו, וואָס דער זיידע מיט דער באָבענ האָבנ איצט באַקומענ זייַנענ געגאַנגענ פונ שטעט, מיט קיינמאָל ניט געהערטע אונ ניט געוועזענע נעמענ. אָפּ די וויַיסע קאָנווערטנ פונ די בריוו זייַנענ געווענ שוואַרצע גלאַנציקע שטעמפּלענ.

פריש געמאַכטע שטעמפּלענ פאַר ערשט געבויטע שטעט, מיט ערשט געבוירענע נעמענ. דער זיידע האָט זיי שוינ קימאַט געוווּסט די נעמענ פונ די שטעט אונ פונ די ערטער אינעמ לאַנד, ווו זייַנע אייניקלעכ זייַנענ צעשפּרייט, ער האָט זיי שוינ אפילע אויס-

גערעכנט אף די פינגער מיט דער באָבען, פלוצים האָט ער זיך ווידער פארפלאָנטערט און איז אינקאעס געוואָרן.

— גיי געדענק זיי אָן, אז אלע ענדיקן זיי זיך אז „בויען״. דנעפּראָבויען, קריווערבויען, טראקטערבויען האָט דער זיידע זיך גענומען בייזערן, אז אלע בויען זיי, זיי זײַנען געווען כיילע עפעס צוטראכטן אנדערע נעמען.

עס זײַנען אוועק טעג און וואָכן און דער זיידע האָט ווידער גענומען בעטן לייענען און איבערלייענען די בריוו, ער האָט שוין אויסגערעכנט מיט פאסיקלעך און שטעקעלעך, ווי ער פלעגט אויסרעכענען די זעקלעך ווייץ נאָך א גערעטעניש, וויפל ער האָט אגראנאָמען, וויפל אינזשעניערן, און וויפל דאָקטוירים, ער האָט אָנגערעכנט מיט דער באָבען, דרײַ אגראנאָמען, פינף אינזשעניערן, צוויי דאָקטוירים, און צען טעכניקער. דער כעזשבן אָבער, האָט זיך בא אים ניט אלע מאָל באקומען א גלײַכער, זעקס און צוואנציק פלעגט ער פון ס'נײַ נעמען רעכענען, ווידער זיך פארפלאָנטערן און ווידער נעמען רעכענען. דער איינציקער אייניקל זײַנער, וואָס פליט איז בא אים געווען אן איבעריקער, אים האָט פארדראָסן, לעמײַ ער, ארעלע, זײַן ליבלינג איז דאפקע בא אים אן איבעריקער. צו אלע וונדערן אפ דער וועלט האָט זיך שוין די באָבע צוגעוווינט, נאָר זי האָט זיך נאָך אלץ ניט געקאָנט צוגעוווינען, אז זי האָט אן אייניקל, וואָס פליט, וויאזוי פליט ער איבער יאמען, איבער טײַכן און פאלט ניט ארײַן, וויאזוי פליט ער עס איבער וואָלקנס און האָט ניט מוירע פאר קיין דונער, וויאזוי פליט ער עס איבער שטעט און איבער וועלדער באנאכט און האָט ניט מוירע.

וואָס דארף ער פליגלען מײַן קינד, אז ער האָט פיס? א פויגל איז געגעבן פליגלען צו לויפן און א מענטשן פיס צו גיין אפ דער ערד.

איז זי געזעסן די באָבע ארום פענצטער און געקוקט ווי עס פליִען די פייגלען און געטראכט עפשער וועט קומען צו פליִען א פויגל און וועט זיך ארעפּלאָזן צו איר אין הויף און וועט ארײַנגיין צו איר אין שטוב, און וועט איר אָנרופן: באָבע און זי אים אייניקל קינד. דאָס פויגל וועט איר ברענגען א גרוס פון אלע אירע אייניקלעך, וואָס זײַנען צעשפרייט איבערן גרויסן לאנד, איבער די נײַשטעט, וואָס זיי בויען און וואָס זיי רופן אָן מיט נײַע נעמען, ער וועט איר ברענגען א גרוס פון אלע אורייניקלעך, וואָס טראָגן נעמען קיינמאָל ניט געהערטע און ניט געזעענע מאיע און ווילי, קימע און רעמע, עפשער וועט ער איר נעמען דער פויגל און וועט איר אוועקטראָגן אהין.

האָט געקוקט די באָבע, ווי די פייגלען האָבן זיך געטראָגן איבער דאָרף, געטראָגן זיך סטײַעזווײַז און קיינמאָל זיך ניט ארעפּגעלאָזן צו איר אין הויף.

„״„

רונד ארום דאָס דאָרף ווו עס האָט געוווינט דער זיידע מיט דער באָבען זײַנען געווען אסאך יידישע דערפער, דערפער אלטע, הונדערט יאָריקע ווי דער זיידע און דערפער נײַע, ערשט אויסגעבויטע, מיט אזעלכע נײַע און וויל־קלינגענדיקע נעמען, ווי די שטעט, וואָס די אייניקלעך בויען. אף די ברייט־צעלייגטע סטעפּעס פון די נײַע און אלטע דערפער האָבן געהורזשעט מאשינעס.

דער זיידע האָט לאנג געהערט די הורזשערײַ פון די מאשינעס, דער זיידע האָט לאנג אויסגעלייענט אין די בריוו פון זײַנע אייניקלעך, פון די מאשינעס, וואָס זיי מאכן

אונ אכוצ א לאָמפּ־מאשינקע קיינמאָל ניט געזענ אונ ניט געוווסט פונ קיינ אנדערע מאשינעס.

דער זיידע מיט דער באָבענ זײַנענ זיכ ווידער געזעסנ אפנ אויוונ, די באָבע האָט געקוקט אינ פענצטער צו די פייגלענ אונ געטראכט וועגנ אירע אייניקלעכ. ביז איינמאָל איז דער זיידע ארויס אינ דרויסנ אונ דערזענ עפּעס אזא אײַזערנע שטיק כײַע, אז ער האָט זיכ דערשראָקנ. זי האָט גערעוועט די כײַע, אונ געלאָזנ אזא פארע אונ זיכ שווער גערירט איבערנ דאָרפ.

— מאשינע האָט דער זיידע אויסגעשריִענ ניט מיט זײַנ קאָל,—א מאשינע, פייגע, פייגע האָט ער זיכ געלאָזט לויפנ צו דער באָבענ—אָט זײַנענ אונדזערע אייניקלעכס מאשינעס, גיב נאָר א קוק.

פונ זינט דאנ האָט דער זיידע אָנגעהויבנ רופנ אלע כאשינעס, וואָס ער האָט געזענ „מײַנע אייניקלעכס מאשינעס“.

דער זיידע איז אראָפּגעקראָכנ פונעמ אויוונ אונ אלצ נאָכגעקוקט נאָכ די מאשינעס דאָס דאָרפ האָט טעג אונ נעכט געהורזשעט, דער זיידע אליינ האָט אופגעהערט צו דערקאָנענ זײַנ דאָרפ, זײַנ הונדערטיאָריקע היימ.

האָבנ זיכ געצויגנ אינ דאָרפ פריילעכע אונ טומלדיקע טעג. דער זיידע איז עלטער געוואָרנ, די באָבע נאָכמער. דער טויט איז זיי פוסטריט נאָכגעגאנגענ ווי א גאזלענ אונ געוואָלט זיי פארטראָגנ ערגעצ ווײַט אפ א קליינ שטיקעלע ערד, ווו זיי האָבנ א גאנצנ לעבנ זיכ געקאָסקעט אונ געזוכט דאָרטנ גליק, ווי א הונ זוכט א קערנדל אונ ניט געפונענ.

— ביז מײַנע אויגנ זײַנענ אָפנ וואָלט איכ וועלנ אָנקוקנ מײַנע אייניקלעכ אונ אוריינִיקלעכ.—האָט דער זיידע זיכ געבעטנ באמ טויט. ער האָט געגלויבט, דער זיידע, אז ער וועט נאָכ קומענ צו זיי, צו זײַנע אייניקלעכ אונ אוריינִיקלעכ, ער וועט זיי נאָכ אָנקוקנ מיט זײַנע אויגנ, ער וועט נאָכ ריידנ מיט זיי, ער וועט דערציילנ זיי, פונ דאָרפ אונ פונ די מאשינעס.

אינ איינעמ א טאָג ווענ דאָס דאָרפ איז געווענ אנ אויסגעפוצטע אונ די פויערימ האָבנ אָנגעטאָנ זייערע נײַע אָנצוגנ אונ זײַנענ פרײַ אונ אויסגערוטע געגאנגענ איבערנ סטעפ אונ איבערנ דאָרפ האָט זיכ אומגעריכט אונ אומדערווארט פונ ערגעצ אראָפּגעלאָזנ א פויגל, א גרויסער איז ער געווענ דער פויגל זײַנענ זיכ צונויפגעלאָפנ די פויערימ אָנקוקנ דעמ פויגל, וואָס איז גרויס ווי דאָס דאָרפ.

— ס׳פליט מײַנ אייניקל, אונדזער קינד פליט. האָט דער זיידע מיט דער באָבענ גענומענ שרײַענ, דערזעענדיק דעמ פויגל,—ארעלע, קינד אונדזערס, ארעלע ליבינקער.

ביז דער זיידע מיט דער באָבענ זײַנענ צוגעפלויגנ האָט דער פויגל זיכ אראָפּגעלאָזט אונ פונ דעמ פויגל איז ארויסגעגאנגענ א מענטש אינ א לעדערנעמ אָנצוג, דער מענטש איז געקומענ פירנ די מענטשנ פונ דאָרפ, וואָס האָבנ זיכ גערופנ כאָשעווע לײַט אינ די שטעט פונ זייער לאנד, ווו זיי זײַנענ כאָשעווע.

— ארעלע קינד מײַנס,—איז צוגעפאלנ צו אימ דער זיידע דערקענסט מיכ ניט, איכ בינ דאָכ דײַנ זיידע אונ דאָס איז דײַנ באָבע. מיר האָבנ אזוי לאנג געווארט, ביז דו וועסט קומענ, מיר האָבנ נאָכ אלע פייגלענ נאָכגעקוקט.

האָט געקוקט דער מענטש מיטנ לעדערנעמ אָנצוג אונ ניט פארשטאנענ דעמ זיידנס לאָשנ אונ ניט פארשטאנענ וואָס ער וויל, נאָר דער זיידע איז צוגעפאלנ אונ אלצ געבעטנ:

— ביז די אויגן מײַנע זײַנען אָפן, וויל איך אָנקוקן מײַנע אייניקלעך און אורייניקלעך, פיר מיר צו זיי. פיר מיר צו דײַנע ברידער, כ׳וועל שטארבן און כ׳וועל זיי ניט אָנקוקן.

האָט געקוקט אפ אים דער מענטש אין לעדערנעם אָנצוג און זיך אָנגעשטויסן, אַז ער וויל פליִען מיט אים האָט ער אים א ווײַז געטאָן.

— קריך נו, כ׳וועל דיר נעמען.—נאָר דער זיידע האָט אים אלץ געשריִען ארעלעקינד און די באָבע האָט געשריִען, לעמײַ ער רעדט גאַרניִשט און לעמײַ ער דערקענט זיי נישט.

— ס׳איז ניט דײַן ארעלע, באָבישע, ער איז געקומען נעמען אונדז צו גאסט אין אונדזערע שטעט—האָבן זיך אָנגערופן די כאָשעווע לײַט. באָבישע, בא אונדז זײַנען איצט פאראַן אסאך פייגלען מער וויפל גאָט האָט באשאפן און מענטשן האָבן מיר אויך אסאך, וואָס פליִען אפ פייגלען. ער איז געקומען צו אונדז און דײַן קינד איז אוועקגעפלויגן צו עמעצן אנדערש.

דער מענטש מיטן לעדערנעם אָנצוג איז ארײַן אין דער פויגל, די מענטשן, וואָס מע רופט זיי כאָשעווע לײַט זײַנען אויך ארײַן אין דעם פויגל און דער זיידע מיט זיי. דער פויגל האָט זיך אופגעהויבן איבער דעכער, איבער הויפן, איבער ביימער, און מיט אימפעט א טראָג געטאָן זיך אין דער לופטן. האָט דער זיידע דאָס ערשטע מאָל זיך אָפגעריסן פון זײַן שטיקעלע ערד, ווו ער איז אָפגעזעסן העכער הונדערט יאָר, דער פויגל האָט אים פארטראָגן ווײַט, ווײַט פון זײַן שטיבעלע, פון דער באָבען, פון זײַן שטיקעלע ערד, וואָס האָט געבליט און זיך אָנגעגאָסן מיט גאָלד פון לער זון און אים העכער הונדערט יאָר געגעבן ברויט. ער איז געפלויגן צו די וואָלקנס, צו די זעלבע וואָלקנס צו וועלכע ער האָט זײַן גאנצ לעבן זיך געבעטן זיי זאָלן זיך אויסגיסן אפ זײַן שטיקעלע ערד, אָנפויען זײַן שטיקעלע ערד, זי זאָל אים געבן ברויט. ער איז געפלויגן איבער טײַכן, איבער יאמען, איבער וועלדער, איבער שיפן, איבער צוגן, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזען, ער איז געפלויגן פארבײַ די שטעט און אָט די נײַע נעמען, וואָס זײַנע אייניקלעך האָבן געבויט און ווו זיי זײַנען געקומען אין א שטאָט האָט מען געשפרייט פאר זיי טישן, ווי דעם גרעסטן יאָנטעוו, ווי אין אזא יאָנטעוו, וואָס זײַן זיידע האָט העכער הונדערט יאָר ניט געזען. און מענטשן זײַנען געקומען אפן יאָנטעוו מיט אזעלכע נעמען ווי זײַנע אייניקלעך, פונקט מיט די נעמען, וואָס ער האָט כאדאָשים און וואָכן אײַנגעכאזערט מיט דער באָבען זיצנדיק ארום דער הרובע. זיי האָבן אלע מענטשן אויטגעזען ווי זײַנע אייניקלעך, און אלע זייערע שטעט ווו זיי האָבן געוווינט ווי זײַן היים.

דידאָזיקע אלע היימען האָבן אים אויסגעזען אזעלכע שיינע, אזעלכע ליבע, ווי א יאָנטעוו. די מאשינען און הײַזער זײַנען געווען אין די שטעט מער וויפל ער האָט געקאָנט אָנציילן, מער וויפל ער האָט געקאָנט מיטן אויג ארומכאפן, מער וויפל ער האָט געהאַט האָר אין קאָפ קימאט אזויפיל וויפל גראָז אין סטעפ. און הײַזער זײַנען געווען אזעלכע הויכע, העכער פון די סטערטעס שטרוי, העכער פון צען סטערטעס שטרוי, א הויז אפ א הויז איז ארופגעקראָכן צו צען הײַזער אפ א הויז, וואָס דער פויגל האָט זיך געטראָגן ווײַטער אלץ מער הײַזער זײַנען געוואָקסן, און אלץ מער שטעט.

— טאטעלע, האָט דער זיידע זיך געכאפט באם קאָפ,—ס׳כאפט אָן אן איימע וויפל הײַזער, וויפל מאשינעס, וויפל מענטשן, מע קאָן זיי גאָר ניט אָנציילן, מע קאָן זיי גאָר ניט אויסמעסטן.

וואָס זיי זײַנען געפֿאָרן ווײַטער אַלץ מער שטעט, אַלץ מער אייניקלעך, אַלץ מער מאַשינעס האָט ער דערזען. ער האָט פּלוצים אָנגעוואָרן אין דער גרויסער וועלט זײַנע צוואַנציק זעקס אייניקלעך, די באָבע און דאָס שטיקעלע ערד. אים האָט פֿאַרדראָסן לעמיי ער האָט דאָס אָנגעוואָרן. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַ כאָלעם און ער וועט זיך אויפֿכאַפּן וועט ער זיך דערשרעקן פֿונעם כאָלעם. האָט דער פֿויגל זיך געטראָגן אַלץ ווײַטער און ווײַטער ביז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין אַ קליין דערפֿעלע.

— ער אָט איז שוין אונדזער היים! פֿאַרוואָס האָב איך נאָך מײַנע אייניקלעך ניט געזען— האָט דער זיידע געוואָלט אויסשרײַען, דערזעענדיק דאָס דערפֿל—איך בין דאָך געלאָפֿן צו מײַנע אייגענע אייניקלעך.

דאָס דאָרף וווּ דער פֿויגל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן האָט אויסגעזען ווי דעם זיידנס דאָרף, נאָר דאָס איז ניט געווען זײַן דאָרף, נאָר די מענטשן אינעם דאָרף האָבן אים אויך גערופֿן זיידע, פּונקט ווי יענע מענטשן פֿון די שטעט וווּ ער איז דורכגעפֿלויגן. זיי אַלע האָבן אים דערציילט פֿון זייערע מאַשינעס, פֿון זייערע שטעט פּונקט ווי זײַנע אייגענע אייניקלעך האָבן אין די בריוו געשריבן.

קינדערלעך—האָט דער זיידע צו זיי אויסגעשריִען,—מײַנע קינדער מאַכן דאָך אויך מאַשינעס, מײַנע קינדער בויען אויך שטעט, מײַנע קינדער...

דער זיידע האָט מער ניט געקאָנט ריידן, אים האָט פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ.

— אוי, וויפֿל קינדער, וויפֿל שטעט, אוי וויפֿל מאַשינעס—האָט ער קאָם אויסגעשריִען— כ׳וואָלט שטאַרבן וואָלט איך עס קיינמאָל ניט געזען.

דידאָזיקע אַלע קינדער, וואָס האָבן אים אָנגערופֿן „זיידע״ האָבן אים אָפּ אַן עסעס אַלע אויסגעזען ווי זײַנע קינדער, וואָס טראָגן פּונקט אַזעלכע נעמען, וואָס ער האָט אויסגערעכנט מיט דער באָבען, זיצנדיק אַרום דער הרובע און די מאַשינעס האָבן אים אויסגעזען פּונקט ווי יענע מאַשינעס, וואָס ער האָט אָנגערופֿן „מײַנע אייניקלעכס מאַשינעס״.

דער פֿויגל האָט זיך געטראָגן ווײַטער, איבער שטעט, איבער דערפֿער, איבער וועלדער און איבער סטעפּעס, איבער טײַכן, איבער יאַמען, איבער צוגן, און איבער שיפֿן, ער האָט זיך געטראָגן דער פֿויגל צו דעם זיידנס דאָרף, צו דער באָבען אַהיים און דער זיידע האָט זיך געטראָגן מיט דעם פֿויגל דערציילן איר פֿון אַלע, אַלע זײַנע אייניקלעך, וואָס ער האָט איצט ניט געקאָנט אָנציילן. ער האָט זיך געטראָגן דערציילן איר פֿון זייערע מאַשינעס, וואָס זיי מאַכן און פֿון זייערע נײַע שטעט, וואָס זיי בויען.

---

מ. א. סול (ניו־יאָרק)

# ווען א מענטש וויינט

I

שוין באלד א יאָר
אז צווישן אים און מיר,
א צופעליקער שמייכל,
א גוט־מאָרגן
און א דינע טיר.

ס'טרעפט אָפט:
ס'איז שטיל.
און אפ אמאָל—
מיר שפאנעןביידע אויס דעם דיל.
ווי ס'וואָלט דערזעלביקער געדאנק
געמאָסטן ביידנס טריט.

ס'טרעפט אָפט:
ער פּײַפט א לידל צו,
כאפ איך אונטער—פּײַף איך מיט.
נאָר כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט גערעדט מיט אים
ביז הײַנט,
ווען ר'האָט אין מיטן העלן טאָג
זיך ווי א קינד צעוויינט.

קינדער זײַנען גרינג אפ טרערן,
און גרויסע פארקוועטשן א ליפּ צווישן ציין.
דערפאר טוט ווײ אזוי צו הערן,
ווען א מענטש אין די יאָרן ברעכט אויס אין געוויין.
האָב איך געהאלטן שוין די קליאמקע אין מײַן האנט
און בין געבליבן שטיין.
עס האָט מײַן בליק באגעגנט זיך מיט לענינס אפ דער
וואַנט
כ'האָב זיך פארשעמט—
און בין ארײַן

II

פאר הוילע ווענט.
א מענטש.
א בענקל און א בעט.
דער קאָפּ באגראָבן אין די הענט,
און אפן טיש
אַן עפּל און האלבער סיגארעט.

ער האָט געהעשעט ווי א קינד נאָך א געוויין
און האָט זיך ניט א ריר געטאָן פון אָרט.
איך האָב געוואָלט אים זאָגן וואָס,
נאָר ס'האָט מיר אויסגעפעלט א וואָרט.

דערנאָך האָב איך אים איַינגערעדט:
בא מיר איז ווארעם און געראמער,—
איז קומט אריַין.
מיר וועלן טרינקען א גלאָז טיי צוזאמען.

האָט ער דעם עפּל מיטגעבראכט,
און איך האָב אופגעזאָדן טיי.
ער האָט גערעדט—גערעדט אסאך,
נאָר ניט פון דעם, וואָס טוט אים וויי.
ווי ניט צו אָנרירן א ווונד,
וואָס שמארצט באם מינדסטן ריר,
האָט ער אלץ מיט וויַיטע רייד פארדעקט.
נאָר
מען קאָן ניט האלטן קיין באהאלטענעם געשוויר,—
האָב איך געפרעגט—

— — — — — — — — — — — — —

עך—האָט ער געטאָן א ברום—
ווי קאָן א מענטש ניט וויטאָן,
ווען ער קוקט זיך נאָר ארום:
געווען א מאָל א מענטש,
געלעבט מיט מענטשן גליַיך,
געהאט א היים,
א וויַיב,
א קינד.
עמעס, דאָס לעבן גייט ניט ווי א ווירע גליַיך,
נאָר ס'איז נאָך קיינמאָל ניט געווען ווי ס'איז א צינד.

דער שניי האָט זיך געהורבעט אפ מיַין שויב
אזוי קאלט, אזוי שווער,

ווי שווערע געדאנקען פון פײַנלעכע טעג.
ער האָט פון בענקל זיך געטאָן א הויב,
זיך אויסגעדרייט און אָפּגעווישט א טרער
און געעקבערט מיט זײַן בליק די וואנט.
האָב איך א פרעג געטאָן מיט אויסגעשטרעקטער האנט:
איר קאָנט דעם מאן?

ער האָט די אויגן אײַנגעגראָבן טיף,
ווי ער וואָלט וועלן אים דערקענען.
האָב איך ארויסגעהאָלפן:
דאָס איז לענין.
ער איז שוין טויט דאָס עלפטע יאָר,
נאָר עס לעבט זײַן וואָרט הײַנט מער ווי טאָמיד—
מער ווי טאָמיד גייט הײַנט אפ זײַן וואָר.
—דאָס פּאָנעם איז אים, דאכט זיך, יאָ באקאנט,
דעם נאָמען האָט ער קיינמאָל ניט געהערט.
און איך האָב אים דערציילט אסאך פון יענעם לאנד,
וווּ ס'איז א שטאָלץ—צוויי האָרעפּאשנע הענט.
עס האָט די פרייד הײַנט אין מײַן הארץ ארומגעשפאנט,
איך האָב מײַן שאָכן מיט לענינען באקענט.

י. א. ראָנטש (ניו־יאָרק)

# אינדערהיים

דער טאטע איז אריין אין שטוב א שווערער און א שטומער,
די קינדער האָבן רויש פון פרייד אין זיך דערוואָרגן,
דער מאמעס בליק האָט זיך דערשראָקן פון זיין קומען:
אין קאָן געשטאנען איז דער סוידעסדיקער מאָרגן.

באם טיש געשמועסט האָבן שטיפערישע אויגן,
ס'איז גאָפל־מעסער קלאנג געוואָרן העכער, פרעכער.
דער מאמעס קאָפ אין שיסל איינגעבויגן,
דעם טאטנס בייזער בליק האָט דורכגעבויערט לעכער.

— ניטאָ קיין ארבעט מער?—האָט מאמעס קאָל געציטערט,
בא קינדער זיינען ביילער רויט געוועג און אָפן.
— כ'וועל גאסן מעסטן איצט—געברומט האָט ער פארביטערט
זיין וואָרט האָט מאמען ווי א שווערער שטיין געטראָפן.

ס'האָט שטילקייט אלעמען גענומען פלוצלינג שטיקן,
די קינדער האָבן זיך געשלייכט מיט טרייסט צום דרויסן.
עס האָט זיי נאָכגעפּאָלגט דעם טאטנס שטארע בליקן,
ס'האָט מאמען ווי געטאָן פון שטיינ דעם שווערן, גרויסן.

בעצאלעל פרידמאנ
(ניו־יאָרק)

# ארבעטלאָזיקייַט

ס׳האָט באדעקט די גאסנ
א ווייכער, טיפער שניי—
וועלנ טאטעס קריגנ ארבעט...
אונ די קינדער—
פרישנ ברויט מיט זיסנ טיי—

ס׳האלט דער שניי אינ פאלנ,
דער הימל הענגט אראָפּ:
וועלנ טאטעס קריגנ ארבעט,
אונ פונ אויוונ
וועט א שמעק טאָנ ווידער פונעם טאָפּ.

פאל העכער, שניי, פאל העכער,
העכער פונ די דעכער:
פונ דעמ שניי דעמ ווייַסנ
וועט מענ פאר די קינדער
וואסער מיט אביסל מילכ פארווייַסנ — —

פאל העכער, שניי, פאל העכער,
העכער פונ די דעכער.
פאל א פּאָר מעסלעסנ,
וועט מענ פאר די קינדער
קאָכנ פרישנ עסנ — — — — — —

נאָר צוזאמענ
מיט שניי
פארגייט די פרייד
פונ זיסנ טיי — — — — — — —

פארגייט די פרייד
פונ פרישנ זופּ,
אונ דער הונגער פארשפּינט
דעמ געלעכטער אינ שטוב — — — —

ראָכל בראָכעס.

# שפּינעג

מיט דעמ פארנאכטיקנ צוג איז צוזאמענ, אינ גרויסנ טומל, מיט די איבעריקע פאסא־זשירנ אראָפּ אנ אָרעמ קליינ־געוויקסיק יידל. ער איז געווענ אָנגעקליידט אינ אנ ארומ־געריסענעמ ברוינלעכנ רעקל, אונטערגעבונדנ מיט א שטריקל. אפנ ברוסט איז עס אָפנ געווענ אונ עס האָט זיכ ארויסגעזענ א ברודיקע אלטע העמד. אפ איינ פוס האָט ער גע־טראָגנ א שטיול, די אנדערע פוס האָט געהונקענ. א פארבונדענע אינ לומפּנ אינ אנ אלטנ גומענעמ קאלאָש. ער האָט פארוואָרפנ זײַנ גרויסנ זאק איבערנ פּלייצע אונ איז, טאפנדיק מיטנ שטעקנ אונ הינקענדיק, אוועק אינ שטאָט.

דאָס יידל האָט געהייסנ מענדל, אונ ער איז איצט געקומענ אהיימ אינ זײַנ אייגענער שטאָט. נאָר זײַנ דירע איז געווענ ווײַט,—סאמע עק פונ יענער זײַט שטאָט, אונ ער האָט געמוזט דורכגיינ פיל גאסנ אונ געסלעכ.

ווענ ער איז אינ וועג, אינ צוג, אז ער דערוויסט זיכ צופעליק ווער עס פאָרט אינ זײַנ שטאָט, אָדער איז פונ זײַנ שטאָט,—ווערט דער אימ נאָענט, אונ ער פילט צו אימ א גע־טרײַע קרויווּעשאפט: מאָג עס זײַנ דער הארטסטער מענטש, וועט ער דאווקע אונטערקריכנ אונטער זײַנ באנק; מאָג עס זײַנ דער ווייכסטער מענטש, אפנ פּאָנעמ, וועט ער בא אימ קיינ נעדאָווע ניט בעטנ.

איצט אָבער, ווענ ער זאָל ניט באגעגענענ דאָ אפ די גאסנ, זײַנענ זיי אלע פרעמדע אונ אלע דערוועקנ בא אימ סינע. אָט קומט אָנ א הויכער יונגערמאנ אינ א לאנגנ בע־געד מיט א הויכנ קאפעליוש; אָט קומענ אָנ צוויי פרויענ מיט האנט־בײַטעלעכ אינ די הענט; אָט פאָרט א רײַכ־געשפּאנטע קארעט, אונ נאָכ איינע, אונ א דריטע,—פּריצימ, גווירימ, גאָראָדאָוואָיענ פאָרנ אומ אונ גייענ אומ, גליקלעכע מענטשנ!—קלערט מענדל—אונ בויגט זיכ נאָכ נידעריקער אונטער זײַנ שווערנ זאק...

ער גייט איצט ניט אהיימ, נאָר צו פערלע די מאלוועטע. בא איר ליגט זײַנ גאנצ פארמעגנ. אונ איידער וואָס מוז ער געוואָר־ווערנ, וואָס הערט זיכ דאָרטנ.

בא פערלענ איז דער גרויסער אויסגעפלאנצטער הויפ דערזעלביקער ווי אלעמאָל, אונ דער גרויסער פלעקיקער הונט אפ דער קייט, אונ דאָס זעלביק גאניקל, מיט די זעלביקע אָפּגע־פארבטע טרעפלעכ, מיט דעמ זעלביקנ בלעכל אָנגעשלאָגנ אפ דער טיר.

— א דאנק גאָט,—רעדט ער ארויס:—זי איז נאָכ דאָ, אונ ער נעמט זיכ פארנ טיר־הענטל. ער קאָנ זיכ אָבער לאנג ניט באשליסנ, ער זאָל ארײַנ אָדער ניט. ווער ווייס, וואָס אינווייניק בא איר צעטוט זיכ? אונ אימ קלאפּט שטארק זײַנ הארצ. אימ אנטקעגנ גייט ארויס דאָס דינסט-מיידל, וואָס קענ אימ ניט.

— ניטאָ וואָס צו געבנ, הויבט זי אָנ שרײַענ,—גייט. עס איז שוינ נאכט אינ דרויסנ.

— גאָט איז מיט דיר,—פארשטאמלט ער זיכ (ער שטאמלט),—דו מיינסט אוואדע, אז איכ בינ א בעטלער, מיינסטו, האָסטו א טאָעס. גיי נאָר, זאָג דײַנ באַלעבאָסטע, אז מענדל איז געקומענ. זי ווייס ווער איז מענדל!

נאָר דאָס מיידל רירט זיכ ניט פונ אָרט. זי קוקט אַף אים מ׳ט א׳מצוטרוי, אונ אפנ הענגער, ווו אימעצנס אנ אויבער־בעגעד הענגט.

— גיי, גיי, זאָג איכ דיר, זאָג דײַנ באַלעבאָסטע פערלענ...

נאָר אינ דער רעגע לויפט דורכ פונ א וועלכער עס איז טיר א קליינ שילער־ייִנגל אונ דערקענט אים גלײַכ.

— א, מענדל, איר זײַט שוינ געקומענ, מענדל!—שרײַט אויס דאָס ייִנגל.

— זעסטו, אָט האָט ער מיר דערקענט,—בארימט זיכ מענדל פאר דער דינסט-מיידל,—אײַ איז דאָס א כאָכעם, זאָג איכ דיר, אײַ האָט עס א קאָפּ!... ווי ער האָט אפ מיר א קוק געטאָנ, איז שוינ גלײַכ—מענדל! איז וואָס מאכט דײַנ מאמע, איז וואָס מאכסטו, הא?

די מאמע איז איצט אינדערהיימ, ענטפערט דאָס ייִנגל אונ מענדל לאָזט זײַנ זאק אינ א ווינקל אונ גייט אינ די כאדאָרימ ארײַנ.

פערלע די מאלוועטע איז זײַנע א גוטע באקאנטע, א גרויסער גוטער פרײַנט. ווענ ניט זי, זאָגט ער, ווער ווייס וואָס וואָלט פונ אים געווענ. ער זאָגט, ער בעט גאָט פאר פערלענ, אלציינס ווי פאר זיכ אליינ אונ פאר ווײַב אונ קינדער·

פערלע איז א הויכע, דיקע פרוי אינ די מיטעלע יאָרנ, מיט אנ ערנסטנ פּאָנעמ אונ מיט רויִקע באוועגונגענ. זי גייט אים אנטקעגנ מיט דער האנט־ארבעט אינ האנט.

— א, גאסט, מענדל, וואָס מאכסטו? שוינ לאנג, אז דו ביסט געקומענ?

— אָט נאָר וואָס, פונ באנ אראָפּ,—ענטפערט ער צופרידנ אונ פארשטאמלט זיכ צו איטלעכנ וואָרט. ער איז מיד אונ וויל זיכ זעצנ. פערלע זוכט פאר אים אויס א שטול, וואָס ער זאָל מיט זײַנע שמוציקע קליידער ניט אײַנשמוצנ. ער זעצט זיכ. זײַנע אייגלעכ—קליינינקע, שמאָלינקע שווארצע פינקלענ פארנ פײַער אונ לויפנ אומ פונ איינ זאכ אפ דער אנדערער.

— אײַ, פערלינקע, א געזונט אינ אײַכ,—פארשטאמלט ער זיכ,— איכ בינ קוימ דער־גאנגענ צו אײַכ, קוימ דערלאָפּנ. איכ וויל אלצ וויסנ, צי מיר וועלנ זײַנ מיט אײַכ גוטע פרײַנט, אָדער כאָס־כאָלילע...

— גוטע פרײַנט, גוטע פרײַנט, פארוואָס ניט,— זאָגט אים פערלע אונטער מיט א גוטמוטיקנ שמייכל,—עס איז אלצ גאנצ, אלצ גאנצ, אלע דײַנע זאכנ.

— גאנצ? א שטיינ פונ הארצ האָט איר בא מיר אראָפּגענומענ, וואָס איר האָט ראכ־מאָנעס אפ מײַנ ביטער גראָשנ, א מאמע זאָלט איר זײַנ אײַערע קינדער! אָלצ גאנצ! אי די לעפל? אי די בעכער? אי די טעצעלעכ, אי די צוקער-פושקעס?

— מענ זאָגט דיר—אלצ גאנצ! שוינ צײַט דו זאָלסט ווערנ קליגער.

— אײַ, פערלינקע, דאָס איז דאָכ אלצ זילבערנע...—אונ פונ פרייד אזש מאכט ער צו די אויגנ.—אז איכ בינ אינ וועג, קלער איכ אלצ: אָט איכ מאטער זיכ אפ איטלעכנ גראָשנ, אונ דאָרטנ, אינדערהיימ, קלער איכ, האָט שוינ געוויס פערלע מײַנע זאכנ פאר־קויפט, מײַנע מאשקאָנעס... איכ קלער, עפשער האָט זיכ בא איר וואָס געטראָפנ אונ זי איז מיט אירע קינדער מיט מײַנע זילבערנע זאכנ אוועקגעפאָרנ...

פערלע שמייכלט אונ שאָקלט מיטנ קאָפּ.

— וואָס וועל איכ עפעס אוועקפאָרנ?

— אָט גלאט אזוי, פערלינקע, אזעלכע געראנקענ האָב איכ.

— דארפסטו ניט האָבנ אזעלכע גערדאנקענ. וואָס וועל איכ דײַנ געלט, דײַנע זאכנ פארכאפנ?..

— מאלע וואָס עס קלערט זיכ, א נאָגיד פארכאפט אָפט בא אונדזערנ אנ אָרעמאנ, עס איז שוינ אזא מאזל באם אָרעמאנ...—פארשטאמלט ער זיכ.

— ניטאָ מיט דיר וואָס צו ריידנ,—זאָגט זי, א נאר געוועג, א נאר געבליבנ. דערציילְ בעסער ווי האָסטו געמאכט געשעפטנ?

— געשעפטנ! אויכ מיר א זאכ, אונדזערע בעטלערישע געשעפטנ... קוים וואָס מענ לעבט.

— נאָר פערלע שמייכלט.

— דו קלאָגסט זיכ אלעמאָל.

בא אים הויבנ אָנ די אויגנ פינקלענ מיט א בייז פײַערל.

— געוואָגט געוואָרנ מײַנע געשעפטנ אפ די נעגידימ, וואָס זיצנ זיכ אינ זייער היימ אונ רײַסנ פראָצענט פונ אזעלכע ווי איכ...—שטאמלט ער—זאָלנ זיי קומענ צו מײַנ ברויט, זאָלנ אומפאָרנ אינ באנ אונ בעטנ נעדאָוועס...

— פערע־אָדעמ!—גיט אפ אימ פערלע א געשריי...

אונ ער זאָגט, אָפרוקנדיק זיכ אהינטער:—איר זאָגט דאָכ אליינ, אז מײַנע געשעפטנ זײַנענ גוטע, הייל איכ זיכ מיט אײַכ בײַטנ...

— מיט דיר איז ניטאָ וואָס צו ריידנ,—זאָגט פערלע,—ווילסטו א כעזשבנ?

מיטאמאָל ווערט ער געפאלענער, קוקט זיכ ארומ דערשראָקנ אונ הויבט אָנ שטאמלענ, אז מע קענ א וואָרט ניט כאפנ וואָס ער זאָגט.

— א כעזשבנ, א כעזשבנ גיט, זײַט מייכל, א כעזשבנ אהער!

פערלע קוקט אימ אָנ א רעגע געלאסנ. דערנאָכ הויבט זי זיכ אופ לאנגזאמ פונ איר אָרט אונ גייט אינ אנדער ציידער. דערנאָכ קומט זי צוריק מיט א גרויסנ בוכ אונ מיט ברילנ אפ די אויגנ אונ מיטנ רעכענונג־דראָט. זי זעצט זיכ צוריק אפ איר שטול אונ רעכנט שטילערהייט אונ קלאפט מיט די ביינדלעכ.

מענדל קוקט איר נאָכ מיט פֿנגעצונדענע בליקנ.—זי האָט אוודע צוגעשטעלט אינ בוכ,—קלערט ער אונ זיפצט טיפ אונ שווער ארויס. ער אליינ קענ ניט שרײַבנ אונ רעכענענ, אונ זי, די מארשאעס זײַנע, זײַנ ווײַב, גייט ארומ ליידיק אונ קאָנ זיכ אויכ ניט אויסלערנענ...—ווארט, א קרענק אינ אירע ביינער. אונ אלצ איז זי שולדיק. אונ די פערלעצקע, די מאלוועטע, די גאנעוועטע מאָג א מיסעמעשונע אײַנעמענ... פיאווקעס, שלאנגענ, זויגנ אויס דעמ מארכ בא דעמ אָרעמנ מענטשנ... ווארט, ווארט אָט קומט ער אהיימ וועט ער איר שוינ געבנ א ציילעק...

פערלע שלאָגט אימ איבער זײַנע געדאנקענ:—

— אָט זעסטו, מענדל, אָט האָסטו דעמ כעזשבנ.—אונ זי לייענט פונ גרויסנ בוכ געלאסנ ציפער נאָכ ציפער אונ קלאפט אָפ מיט די ביינדלעכ אפנ רעכענונג־דראָט:—איכ בינ דיר שולדיק טויזנט מיט צוויי הונדערט רובל... אויסער פראָצענט. פראָצענט רעכענענ מיר דרײַ מיט א האלב רובל פונ הונדערט א יאָר... פארשטייסט, דאָס איז מײַנ כויוו... איצטער איז דײַנ כויוו, וואָס דו ביסט מיר שולדיק אפ די מאשקאָנעס. איינמאָל האָט דײַנ כײַע־פויגל גענומענ זעכציק רובל, איינמאָל—פינפונדרײַסיק, איינמאָל—אכצנ, איינמאָל... ווארט, דאָ איז אביסל א טאָעס... ניינ, אקוראט! איינמאָל זיבנונצוואנציק. איכ זאָל דיר רעכע-

נען איין גראָשן פון רובל א וואָך, מאכט עס קײַלעכיק פראָצענט פאר א יאָר אזויפיל... ביסטו מיר שולדיק... אָרנטלעך...

— אן אומגליק! א רעציכע!—פאלט מענדל אריַין אין רעכענונג,—איך שרײַ גוואלד, מען קוילעט מיך אָן א מעסער... דערשטעלט אין רייסטער, דערשטעלט, ווי איך בין א ייִד! איר זײַט א בלוט־זויגערן!..

— וואָס?..—זאָגט איבער פערל מיט אזא טאָן, אז ער שטופט זיך אהינטער, און ווערט אויגנבליק אָפּגעקילט, הויבט אָן ווידער שטאמלען, און ווערט געפאלן, דערנידעריקט...

— ניין, איך האָב ניט דאָס געמיינט, איך האָב ניט דאָס געוואָלט זאָגן. די מארשאעס, די כאיע-פייגעלע האָט מיך ארומגענעטן. וואָס איז איר דײַגע, אז איך שלעפּ זיך ארום אין באן טאָג אײַן, טאָג אויס, און מאטער זיך אפּ מײַן גראָשן...

פערלע שפּײַט אויס מיט עקל.. און טראָגט צוריק אוועק דעם רייסטער־בוך און די רעכענונג־דראָטן.

— איך האָב,—זאָגט זי,—מיט דיר גאָר קיין איבעריקע כעזשבוינעס ניט. וועט קומען כאיע־פייגל, וועלן מיר מיט אירריידן.

— סטײַטש, כאיע־פייגע, וואָס איז דאָ כאיע-פייגע שײַעך! איך בין דער באלעבאָס. איך מאטער זיך אפּ דעם געלט, זי ווייס מער ניט ווי אויסגעבן, אפּ פארטיקע קענט איר!..

— עס איז ניט מײַן אייסעק,—זאָגט פערלע,—און נעמט זיך רויִק צו איר האנט־ארבעט.

— איר קענט מער ניט זאָגן:—מענדל איז א נאר... און מענדל איז טאקע א נאר, א באָק איז מענדל! וואָרום ווי מענדל לעבט, איז קיינעמס דײַגע ניט. ווי א הונט לעבט מענדל, נאָך ערגער ווי א הונט... ווי איך בין א ייִד, איך בין ערגער ווי א הונט... פארזאָרג איך דאָך אלץ,—אָט האָב איך געבראכט מאטאָנעס, איר זאָלט ניט מיינען, א האנט־בײַטעלע מיט א שליסעלע און מיט א קייטעלע. אין פענצטער איז געשטאנען, האָב איך געקלערט, פאָרסט אהיים, צו א ווײַב קויף א מאטאָנע! זאָל מען נים זאָגן מענדל איז דער נאר... און צײַג אפּ א יאקעלע האָב איך אויך געבראכט, א יונגע ווײַבל, פארוואָס ניט...

— האָסט נאָך פאריבל, אז מען זאָגט, אז דו ביסט א נאָגיד,—זאָגט פערלע און ציילט די אייגלעך פון איר האנט־ארבעט.

— צינדט זיך ווידער מענדל אָן. מען פארגינט ניט, סאָנים פארגינען ניט! אדעראבע, וויל ער דאָך אז פערלע זאָל זיך בײַטן מיט אים. זאָל זיך לייגן אונטערן באנק, מען זאָל איר שטורכען מיט די פיס, און מען זאָל שפּײַען אפּ איר...

— גיי, גיי, איך בין דיר מויכל... דײַן גליק פאר דיר... דו ביסט אָנגעמאָסטן דער־צו...—זאָגט אים פערלע און ציילט רויִק די אייגלעך.

נאָר מענדל שמייכלט... א שמייכל פון א שעד...

— איר קענט ציילן,—זאָגט ער,—אפגיך ציילט איר... און אין מײַן כעזשבן האָט איר געהאט א טאָעס...

— וואָס?—פרעגט איבער פערלע,—א טאָעס?... גיי אהיים, און כאיע־פייגע ווארט אפּ דיר... מיט דיר האָב איך גלאט קיין קויעך ניט צו ריידן...

— קויעך... די רײַכע ווײַבער האָבן קיינמאָל ניט קיין קויעך.. אין פּאָיעזד די רײַכע ווײַבער פאָרן אום היילן זיך, ווײַל זיי האָבן קיין קויעך ניט. ליגט מען אונטערן באנק, הערט מען זיך אָן ווי זיי ריידן... זײַנען זיי אזעלכע שוואכינקע און פאָרן זיך ראַ־

טעווענ, נעבעכקע... נעגידעס... אָבער אז זיי הויבנ אָנ ריידנ וועגנ געלט־זאכנ, וועגנ קליידלעכ,—איַ, זיַינענ זיי געזונט, א גוואלד!.. אפּ געלט איז קיינער ניט קראנק. איכ זאָג איַיכ, אז איר דארפט אפּ מיַינ אָרט זיַינ, וואָלט איר געווענ געזונט... אונ איכ אפּ איַיער אָרט, וואָלט אוואדע אויכ געווענ א כיילע... איַ איז מיר טוטוויי דער רוקנ, איַ דער אקסל, איַ די האלדז, א די פּאטיליצע, איַ די רעכטע קני, די לינקע... איַ, איכ בינ אינגאנצנ קראנק...

— הער אופ! שויטע! גיט אפּ אים פּערלע א געשריי.

אונ ער ווערט מיט איינמאָל דערשראָקנ אונ רוקט זיכ אפּ הינטנ... זיַינ גאנצע געשטאלט ווערט מיט איינמאָל קלענער נאָכ מער ווי ער איז איַינגעבויגנ אונ ער הויבט אָנ פינטלענ מיט די אויגנ אונ זוכנ איבערנ גאנצנ צימער. אונ ער זעצט זיכ אפּ זיַינ אָרט קעגניבער פּערלענ.

פּערלע זיצט ברייט, רויִק נעבנ גרויסנ טיש, איבער וועלכנ עס ברענט העל א שיינער הענג־לאָמפּ אפּ בראָנזענע קייטנ. אונ פארנ פיַיער בלי׳צטשענ אזוי ווונדערלעכ אירע דימענטענע אוירינגלעכ אונ שפּיגלענ אָפּ פונ זיכ אלערליי זעלטענע פיַיערלעכ... אונ ער קלערט:

וואָס פעלט איר, א רויִק הארצ.—קלערט ער מיט ווייטעק אונ מיט א באהאלטענעם קאעס:—אלצ פונ פּראָצענט... פונ אונדזערע... פונ אונדזער בלוט. אלעמאָל רעכנט זי, אונ קיינער ווייס ניט, וואָס טוט זיכ בא איר אינ רייסטער... אונ ער הויבט ווידער אָנ, אונ זיַינ קאָל איז א בעטלערישער, א נארישער אנ איַינגעבויגענער:

— פּערלינקע, איר הערט, איכ וואָלט בא איַיכ עפּעס בעטנ. איכ וועל בא איַיכ עפּשער קריגנ א טעלערל געקעכצ... איבערגעבליבנ עפּשער בא איַיכ פונ מיטאָג, אָדער פונ נעכטנ? א קיַילעכדיק יאָר, ווי איר זעט מיכ, האָב איכ קיינ זופּ אינ מויל ניט גענומענ, מענ איז אינ צוג, מענ פאָרט, גיט ווער אמאָל אביסל הייסע וואסער מיט א שטיקל צוקער, ווענ ניט וואָלט איכ אויסגעטריקנט געוואָרנ.

— גיי,—זאָגט פּערלע מיט פאראכטונג,—אינ קיכ, וועט דיר די דינסט געבנ.

— איר קלערט אוואדע, געוויס קלערט איר:—אז אָכ אונ וויי ווי ער לעבט... איז האָט ער זילבערנע לעפל, עס איכ מיט זיי, אונ ער עסט מאקעס.

— הער אופ!

— ניינ, איכ וויל נאָר זאָגנ, ווי איכ לעב, ווי א הונט לעב איכ, אונ נאָכ ערגער ווי א הונט. איכ שלאָפּ דאָכ קיינמאָל ניט אינ א בעט, ווי איכ בינ א ייִד. איכ עס דאָכ ניט קיינ געקעכצ א גאנצ יאָר... אָט וועל איכ איַיכ וויַיזנ—א הונט האָט מיר א ביס געטאָנ אפּנ קני, האלט איכ זיכ נאָכ איצט אויכ... בעטלענ איז ניט קיינ גרינגע זאכ, איר קאָנט מיר פארגינענ.

— אָבער איכ פארגינ דיר, איכ פארגינ דיר...—זאָגט פּערלע.—באַרויִק זיכ אונ הער אופ דיַינע רייד. מענ קאָנ גאָרניט אויסהאלטנ.

— אָבער איכ זאָג דאָכ נאָר גראָד אנטקעגנ דעמ, וואָס איכ לעב ניט ווי א מענטש, מאָגט איר מיר גלויבנ, איכ בינ מעקאנע א הונט. אָט נעמט מיכ איצטער: איכ פאָר דאָכ אהיימ פיר מאטאָנעס, קענט איר מיר גלויבנ, אז איכ ווייס ניט, צי האָב איכ א היימ, צי ניט.

— נו, הער אופ דיַינע שטיק. געוויס האָסטו א היימ.

— אָבער, פּערלינקע... קענט איר מיר געבנ איידער איכ גיי אהיימ עפּעס פונ איַיערע קינדער פונ די אלטע זאכנ... אנ אלטע העמד. א פּאָר הויזנ האָב איכ גראָד אינ זאק—א באָכער האָט מיר אינ וועג געשענקט, אונ שיכ האָב איכ געקויפט, פעלט מיר גראָד א העמד...

— גיי, גיי דערוויַיל אינ קיכ, מענ וועט דיר געבנ עפּעס עסנ.

— בעזונט זאָלנ איר זיַינ, פּערלינקע... א מאמע זיַיט איר מיַינע, א געזונט אינ איַיכ...

גיי איכ. אָבער וואָס האָב איכ געוואָלט פרעגנ, וועגנ... האָב איכ געוואָלט פרעגנ, וועגנ איר, כאיע־פייגענ, איז זי געזונט? אונ די קינדער? אז, פארשטייט איר, קינדערלעכ... מיינענ דאָכ מיסטאָמע, אז זייער טאטע איז ניט הי, האָט ער מיסטאָמע ערגעצ גרויסע געשעפטנ. וואָרים א קינד דארפ דאָכ ניט וויסנ, אז דער טאטע וואלגערט זיכ ערגעצ אונטערנ באנק טאָג איינ, טאָג אויס אונ בעטלט נעדאָוועס. מיינענ זיי, אז זייער טאטע איז ערגעצ א סויכער אונ האנדלט מיט וואלד כי־כי־כי... מענדל דער וואלד־סויכער, מיינ איכ טאקע, אז איכ בינ א וואלד־סויכער... ליג איכ אונטערנ באנק אונ קלער אמאָל, אז איכ בינ א וואלד־סויכער. אונטערנ באנק הערט מענ אָפט, ווי וואלד־סאָכרים ריידנ פונ געשעפט, הער איכ זיכ איינ, זאָג איכ זיכ: מענדל, דו ביסט עפשער דער סויכער... נו... איז מיטאמאָל, אז איכ זאָל צו מיינע קינדער אזוי אראָפּקומענ, איז וואָס וועט זיינ מיט זיי? מיינע קינדער זיינענ שוינ גרויסינקע. סאָרעלע איז צענ יאָר אונ בערעלע איז אכט, אונ, זעט איר דאָכ, וואָלט קיילינקע נעלעבט, וואָלט זי שוינ געווענ פערצנ. קלער איכ אלצ, אז זי וואָלט לעבנ, וואָלט ווערנ א גרויס מיידל, וואָלט דאָכ געווענ א שיינע ווי כאיע־פייגע,—וואָלט זי קיינ שידעכ ניט געקענט טאָנ, מאכמעס איר טאטע איז דאָכ מענדל...

— מענדל דער וואלד־סויכער.—זאָגט אונטער פערלע, לאכט אָבער ניט.

— כי, כי, כי מענדל דער וואלד־סויכער...—לאכט מענדל— יאָ, דער בויכ, ווערט מיר טוטוויי לאכנדיק, אז איכ קלער אז איכ בינ א וואלד־סויכער, ווי איכ בינ א ייד. עס וואָלט פאר מיינע קינדער געפּאסט, אז איכ זייער טאטע זאָל זיינ א וואלד־סויכער... קלער איכ טאקע, אז איכ וועל שטארבנ, וועלנ זיי קאָנענ זאָגנ, אז זייער טאטע איז געווען א וואלד־סויכער, א גאָלד־שניידער כי, כי, כי...

— הער אופ, גענוג שוינ, גיי שוינ אהיים... עס איז דאָכ שוינ שפּעט.

— אָט וועל איכ טאקע גיינ. נאָר אָט וואָס איכ האָב זיכ דערמאָנט... אינ באנ האָט מענ בא א יונג באָכערל, א שיינ באָכערל געגאנוועט זיינ בייטעלע מיטנ בילעט, אונ קיינ זאכנ האָט ער לעכאטכילע ניט געהאט, האָט ער נעבעכ געוויינט... האָט ער שוינ געוואָלט אראָפּציענ פונ זיכ זיינ רעקל אונ פארקויפנ,—אופקלייבנ אפ א באנ־בילעט. ניינ,—האָב איכ געקלערט: א ייִנגל נעבעכ, גיב אימ אפ א בילעט, זאָל דוכטנ דו האָסט וויינקער אופגעקליבנ, זאָל דוכטנ, דו ביסט א סויכער אונ אינ דיינ געשעפט האָסטו געהאט א העזיק. האָב איכ דעמ ייִנגל געקויפט א בילעט... עס האָט אַבער ניט געפּאסט, בינ איכ אראָפּ אונ מיט דעמ צוג שוינ ניט געפאָרנ. געווענ א נארישקייט, איכ קאָנ דערפונ פארנאָסע אָנווערנ... נו, גיי איכ, פערלינקע. אינ קיכ, זאָגט איר, איז אייער דינסט־מיידל וועט מיר געבנ א ביסל געקעכצ, וואָס איז פונ נעכטנ איבערגעבליבנ?

---

## די פיר קינדער פונ איינ טאטע־מאמע

אָט זיינענ זיי די פיר קינדער פונ איינ טאטע־מאמע איינס ניט ענלעכ אפנ אנדערנ, אָבער איטלעכער האָט זיינע גוטע מידעס אונ איז פאר איטלעכנ אָנגענעמ אונ ליב...

דער עלטערער פונ זיי איז א שטארקער געזונטער יונג. האָט א פעסטנ טראָט אונ אנ ערנסטנ גאנג. זיינ פּאָנעמ איז ערנסט אָבער שיינ. זיינע באקנ זיינענ פורפור־רויט אונ זיינ שטערנ איז מילכ־ווייס. זיינע אויגנ זיינענ קלאָר אונ ליכטיק אונ קאלט שיינ. זיינע לאָקנ זיינענ ווייס־בלאָנדע, געדיכטע אונ זיידיק, פיינ אויסגעפלאָכטנ אונ הענגענ

אים איבערן שטערן און איבערן האלדז. זײַן פּעלצל איז אים פּעסט ארומגעגארטלט ארום גוף, און זײַן היטל איז ווארעם און באקוועם.

אלע ווייסן פון אים, ווייסן זײַן ערנסטקײַט, זײַן קאלטן באגיין זיך מיט אלעמען. אָבער ער איז גינציק און זײַן זאך איז קאלטבלוטיק. נעמט ער זיך צו אן ארבעט איז ערנסט און שטארק. ער האָט פײַנט שפּאס און לײַכטזיניקײַט.

עס איז דער עלטסטער ברודער, און האָט ליב אז מען געדענקט אים און מע גיט אים אָפּ קאָווער.

דער צווייטער ברודער, וואָס איז נאָך אים געבאָרן איז גאָרניט ענלעך צו אים. זײַן ברודער פארקערט האָט די לײַכטקײַט פון א ווינט, איז באוועגלעך און געשווינדיק, האָט ליב צו קלעטערן אפּ בארג און טאָלן, האָט זיך ליב צו וואשן און צו באָדן... שטענדיק איז ער ארומגעשפּריצט מיט די גוטע רייכעס. זײַן פּאָנעם איז אָפּגעברענט און זײַנע האָר אויסגעדרייט און שטיפעריש צעוואָרפן און טונקל זײַנען זיי און פּאסן אים צו צו זײַן אָפּגעברענט מיט זונען-שפּריצן באשפּריצט פּאָנעם, שטענדיק לאכט ער, שטענדיק שמייכלט ער, שטענדיק זינגט ער.

זײַנע לידער זײַנען אומבאשטימטע ניגונים לײַכטע און טיפע, און נאָגנדיקע און רופנדיקע—אים צו הערן איז איטלעכן א פרייד. פון זײַנע ניגונים דערמאָנט מען זיך אָפּ עפּעס,—אָפּ דאָס בעסטע וואָס איז אוועקגעגאנגען און אָפּ דאָס בעסטע וואָס דארף עפּשער קומען.

זײַן שלאנקער גוף, זײַנע לײַכטע, אײַנגעגליבטע אין זיך באוועגונגען פירן די יוגנט אראָפּ פון זינען. אלע, אלע פון אלע שטאנדן און עלטער און געשלעכט זײַנען אין אים פארליבט. איבערהויפּט ליבט אים די יוגנט, די יונגע מיידלעך און יינגלעך. זיי לויפן צו אים, און ער לויפט צו זיי... און נאָך זיי שטענדיק איז ער מיט יוגנט ארומגערינגלט, שטענדיק לערנט ער מיט זיי אין זײַנע לידער, און שטיפט מיט זיי, און פירט זיי אום אין לעוואָנע-נעכט אפּ שיפלעך איבערן וואסער.

וועגן טאכלעס האָט ער פײַנט צו קלערן, פון שיינע קליידער האלט ער ניט, אים קימערט ניט אויב זײַן הוט איז צעקנייטשט און זײַן העמדל איז אָפּגעריסן ניט צוגעשפּיילעט, אויך זײַנע שיך זײַנען פארשטויבט און ניט צוגעשנורט.

די דריטע גייט די שוועסטער—די שיינע רײַך-באגאבטע שוועסטער מיטן געזונטן, געזעצטן גוף, מיט די אלע איידעלע און אנטוויקלטע גלידער. איר טראָט איז רעגלמעסיק און לײַכט. אירע באוועגונגען געלאסן און שטאָלץ; איר צוגאנג צו אלעמען ווארעם און הייס.

זי האָט זיך ליב צו באָדן אין קוועליקן וואסער, זי האָט ליב צו שווימען מיטן פּאָנעם ארופ צום הימל קוקנדיק, זי האָט ליב צו שיפן זיך אין שטילע מאטע נעכט, זי וועקט מיט איר רודער די פישעלעך פון זאמדיקן באָדן, די פויגלען ארויס פון זייערע נעסטן. זי איז גוט צו אלעמען. זי איז גאסטפרײַנטלעך. איר טיש איז שטענדיק אָנגעשטעלט מיט גוטע נארהאפטיקע שפּײַזן, מיט בלומען און אלערליי פארבן, מיט פּײַכטן פון אלערלייקן געשמאק, מיט גוטע איידעלע זיסקײַטן. איר טיר איז אָפן, איטלעכער קאָן ארײַן צו איר, צו איר טיש, קאָן געניסן קאָן זיך ווילטאָן.

זי איז רײַך... באלד וועט זי ארונטערנעמען אירע פולע פעלדער מיטן פּאַרטיקן ברויט, אירע טרויבן פון די שטיינגלעך, אירע אויבסן פון זייערע גערטנער, פאר איטלעכן האָט זי זײַן מאטאָנע, פאר איטלעכן גרייט זי צו... די גוטע, די הארצלעכע, די הייס-געטרײַע שוועסטער.

די פערטע איז די ייִנגסטע שוועסטער די סאמע רײַכסטע. אירע אלמערס אונ שפײַכלערס זײַנענ אָנגעפולט אונ אָנגעשטעלט.

אירע אויבסנ אונ געוויקסנ זײַנענ שוינ פונ די פעלדער ארונטערגענומענ. אונ שוינ ארײַנגעבראכט אינ די מילנ אונ אינ די קאָכ־קעסלענ... אירע ריבנ ווערנ צו צוקער אונ צו צוקערײַענ געקאָכט. אירע טרויבנ ווערנ צומ גוטנ ווײַנ געדריקט... אלצ איז פארטיק, זי איז רויִק...

זי איז ניט גליקלעכ... זי איז מיִעס אונ פארפינצטערט, גרוי אונ אומעטיק. נאָר זי וויינט... נאָר טרערנ גיסנ איר פונ די אויגנ, נאָר זי טרייסלט זיכ. זי גייט אָנגעקליידט אינ אלטע שווערע קליידער, זי איז שטענדיק קאלט אונ זי האָט קיינ מוט ניט. זי איז אָפט קראנק. זי הוסט אונ איז הייזעריק; דער שנופנ לאָזט איר ניט אָפ, שטענדיק איז בא איר א געשוואָלענע רויטע נאָז אונ רויט־פארוויינטע אייגנ. אירע האָר זײַנענ שטענדיק צעפלאָנטערט ווי עס איז מיט וואָס עס איז צוגעדעקט. זי איז פארביטערט אונ פארטרויערט.

זי קאָנ זיכ ניט דערמאָנענ אפ איר גליקלעכער שוועסטער, זי וויל זיכ ניט דערמאָנענ אפ איר ייִנגערנ גליקלעכנ ברודער. דעמ אײנציקנ נאָכ וועלכנ זי גארט, איז איר עלטסטער ברודער. אפ אימ ווארט זי מיט א בענקעניש.

א, ווענ וועט ער שוינ קומענ, ווענ וועט ער שוינ קומענ? אונ ער קומט, ער קומט. ווי זײַנ געוווינהײַט א קאלטער, אנ ערנסטער אונ הויבט גלײַכ אָנ צו פאריכטנ, ווו בא איר איז ניט דערזוענ. ניט צו דער צײַט צוגענומענ, ניט צוגעשטעלט. ער פארקלאפט אונ פאריכט אלע בריקנ, אלע רינעס, אלע שפאלטנ, פארשארפט אונ נעמט אוועק אלע בלאָטעס, ריגלט צו אלע טירנ, מאכט צו אלע פענצטער, הענגט אפ אלצ אָנ זײַנע שלעסער אונ בארויִקט די שוועסטער, ווישט איר אָפ אירע טרערנ אונ לייגט איר אײַנ אונ דעקט איר גוט גוט צו.

— שלאָפ אײַנ, מײַנ קראנקע שוועסטערל! איכ וועל שוינ אליינ אפ אלצ אכטונג געבנ.

אונ אז ער איז דאָ ווערנ שוינ אלע אויוונס געהייצט. אונ א רויִכ קײַקלט זיכ פונ די קוימענס ארויס אונ אומעטומ איז אויסגעוואשנ אונ אויסגעטריקנט, ריינ אונ קלאָרווײַס אלצ ארומ געדעקט אונ אלצ אפ זײַנ אָרט אונ זײַנ צײַט...

אָט דאָס זײַנענ די פיר קינדער פונ איינ טאטע־מאמע, וואָס די מענטשנ רופנ אָנ־יאָר.

מירע כענקינ

# שעטאכנ

שוינ וויפל טעג מיכ קרעפטיקט, וועקט די שטילקײַט,
איכ הער זי אינ האלבנ טאָג, אינ נאכט־שאָ, אינ קאיאָר.
מײַנ הארצ מיט ווײַטע וועגנ ריידנ וויל הײַנט,
ווײַל אלצ איז מיר דאָ נאָענט, דורכזיכטיק אונ קלאָר.

דער שטילער ווינט, וואָס האָט צעלייגט אינ פאסנ
די וואָלקנס פארביקע: אי ראָז, אי לילע־בלוי.
דאָס רעגענדל, וואָס האלט הײַנט אינ איינ שפאסנ:
אָט פאלט ער, ווי א טרער, אונ אָט ווי זונענ־שטויב.

דער וואלד, דער טונקעלער, ווו ס'וויגנ זיכ נאָר שאָט ס:
באמ ראנד איז שווארצ אונ העכער זילבער־העל,
די הויכע ונ, וואָס האָט איר שײַנ צעשאָטנ
אפ האלדז מײַנעמ אונ הענט אונ קאָרנ אפנ פעלד.

צעווארעמט זיכ מײַנ קליינע דלאָניע:
א גאנצנ הויפנ שטראלנ כ'האָב פארכאפט,
אונ ס'דוכט זיכ מיר (א קינדערשע דערמאָנונג)
איכ זע דיכ ווידער דאָרפיש־גרינער טראקט.

מיט פאָטער מײַנעמ כ'פאָר אינ דאָרפ יעליאָנקע,
א פויערש פורל שטויבט דעמ שטילנ טראקט.
נאָר ליב איז מיר דער שטויב, ווי שענסטער אנטאָנ,
מײַנ קינדערש הארצ מיט וועגנ איז פארכאפט.

אונ בא דעמ פויער בעט איכ אויס די לייצעס,
אונ כ'גיב א „נאָ!"—מיר יאָגנ בארג אראָפ.
אונ כוואליעס ווינטיקע מײַנ הארצ פארפלייצנ,
אונ גרינג איז מיר מײַנ יאָגנדיקער קאָפ.

אונ ס'טוט א טראָג מיט ליפע־בוימ צעצווײַגטער,
ס'איז זיס די לופט, דער האלב־טאָג זונ דער וועג,
א שטילקײַט ליטערע פונ שעטאכנ, פונ ווײַטע,
דו האָסט דאָכ שטענדיק מיכ געקרעפטיקט אונ געוועקט.

---

ש. פאלאטניק

# לענינס קאמפ אינ דער פילאָסאָפיע אונ דער „מאטעריאליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ“

(סאָפ)

4

## די קאָנקרעטע גנאָסעאָלאָגישע פראגנ אינעמ „מאטעריאליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ“

„די גנאָסעאָלאָגישע פראגנ, וועלכע לענינ באהאנדלט אינעמ „מאטעריאליזמ אונ עמפּי־ריאָקריטיציזמ“ גרופּירנ זיכ ארומ „דער גרונט־פראגע פונ יעדער פילאָסאָפיע“—באזונדערס פונ דער נייער—וועגנ דער פארהעלטעניש צווישנ דענקענ אונ זיינ“ (ענגעלס „לידוויג פייערבאכ“)·

אינ איר קאָנקרעטער שטעלונג אינ דער נאטורוויסנשאפט אונ פילאָסאָפיע פונ 19־טנ אונ 20־טנ יאָרהונדערט באשטייט אָט די פראגע פונ א ריי מאָמענטנ, די הויפּטזאכלעכע פונ זיי זיינענ די פראגנ וועגנ מאטעריע אונ באוווסטזיינ, מאטעריע אונ באוועגונג, רוימ אונ צייט. סטרוקטור פונ דער דערקענטעניש אונ „דערפארונג“, „אורזאכלעכקייט“ אונ גע־זעצמעסיקייט, דער עמעס־קריטעריומ (די לערע וועגנ אבסאָליוטנ, אָביעקטיוונ אונ רעלא־טיוונ עמעס) אונ די שטעלונג פונ די גנאָסעאָלאָגישע פּראָבלעמענ אינ היסטאָריש־מאטע־ריאליסטישנ זינ.

### א) מאטעריע אונ באוווסטזיינ

די מאטעריאליסטישע לייזונג פונ דער פראגע וועגנ דער פארהעלטעניש פונ מאטעריע אונ באוווסטזיינ באשטייט אינ דעמ, וואָס די מאטעריע איז דאָס ערשטע, וואָס איז געגעבנ פריער, אונ דאָס באוווסטזיינ—דאָס צווייטע, וואָס איז אָפּהענגיק פונ דער מאטעריע. די מאטעריע באטייט „אָביעקטיווע רעאלקייט“. אָבער די פארהעלטעניש צווישנ דענקענ אונ זיינ, ד. ה. מאטעריע אונ באוווסטזיינ, האָט נאָכ—ווי עס דריקט זיכ אויס ענגעלס אינ „לידוויג פייערבאכ“—א צווייטע זייט,—דאָס איז די פראגע וועגנ דעמ וויאזוי אפ וואָס פאר אנ אויפנ, מיט וועלכנ צוזאמענהאנג איז פארבונדנ דאָס דענקענ מיטנ זיינ, דאָס באוווסטזיינ מיט דער מאטעריע.

לענינ באווייזט, אז דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ האָט געלייזט אָט דעמ צווייטנ מאָמענט אינ דער „גרונט־פראגע פונ יעדער פילאָסאָפיע“ אינ דעמ זינ, וואָס דאָס דענקענ, דאָס באוווסטזיינ שפּיגלט·אָפּ דאָס זיינ, אז אינעמ באוווסטזיינ איז דאָס מאטעריעלע, דאָס אָביעקטיווע געגעבנ ווי א ב י ל ד. דאָס באטייט, אז די עמפינדונגענ, פאָרשטעלונגענ אונ געדאנקענ זיינענ מעסוגל צו געבנ אזא אינהאלט, וואָס איז ע נ ל ע כ צו דעמ אינהאלט פונ דעמ אָביעקטיוונ, וואָס איז אויסער זיי. לענינ פירט דעמ קאמפ אינ דער פּראָבלעמ וועגנ דער פארהעלטעניש צווישנ מאטעריע אונ באוווסטזיינ אינ אָט דיביידע אספעקטנ אונ באווייזט, אז בלויז אָט די אָפּשפּיגלונג־טעאָריע איז די קאָנסעקווענטע מאטעריאליס־

טישע גנאָסעאָלאָגיע. „דער באגריפ מאטעריע דריקט אויס ניט אנדערש ווי אָביעקטיווע רעאלקײַט, וואָס איז אונדז געגעבן אין דער עמפינדונג“ („מאט. און עמפּ. ב. 18, ז. 219. קורסיוו אונדזערער—ש.פּ.).

אין דעם באגריפ „מאטעריע“ גייען ארײַן, אלזאָ,ביידע מאָמענטן. אי אָביעקטיווע רעאלקײַט, אי דאָס, וואָס זי איז „געגעבן“ אין די עמפינדונגען.

דער אידעאליזם איז אף דרײַערליי אויפאנים צוגעגאנגען צו דער לייזונג פון דער פראגע וועגן צוזאמענהאנג צווישן מאטעריע און באוווסטזײַן.

1) אָדער עס ווערט פולשטענדיק אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון מאטעריע, עס ווערט אָנערקענט בלויז דאָס סוביעקטיווע,—די עמפינדונג, די אידיי, (סוביעקטיווער אידעאליזם) 2) אָדער די מאטעריע, דער אָביעקט ווערט אָנערקענט אלס איינס און דאָס זעלביקע, ווי דער גײַסט, באוווסטזײַן (אידיי, געדאנק), די מאטעריע איז די אנטפלעקונג פונעם גײַסט (דער אָביעקטיווער אידעאליזם); 3) די מאטעריע עקזיסטירט אָביעקטיוו, אויסערן באוווסטזײַן, נאָר צווישן באוווסטזײַן און דער מאטעריע איז אויסגעגראָבן א גרוב, דאָס באוווסטזײַן איז ניט בעיכולעס, איז ניט מעסוגל קיינמאָל צו באנעמען די אָביעקטיווע אויסער אים עקזיסטירנדיקע וועלט, נאטור, זאכן אדג. די וועלט איז א „זאך אין זיך“ דאָס איז די אָנשויונג פון „אגנאָסטיציזם“—יום און קאנט). דער לעצטער מין אידעאליזם, וואָס אָנערקענט די „אָביעקטיווע רעאלקײַט“ אין אָנהייב, קומט אָבער צום סאָף צום אויספיר, וועלכער לייקנט די ערשטע האנאָכע דערפאר, וואָס צווישן באוווסטזײַן און זײַן איז א גרוב. די אלע אנדערע סיסטעמעס און סיסטעמעלעך פון די מאָדערנע אידעאליסטישע שולן און שולכלעך קאָן מען אײַנטיילן, אייגנטלעך, לויט אָט די דרײַ מינים אידעאליסטישע אָנשויונג-סיסטעמעס.

לענין דעמאסקירט די אלע „נײַע“ אידעאליסטישע שטרעמונגען, באווײַזנדיק, אז אין טאָכ כאזערן זיי איבער—אָפּטמאָל אף א פארפלאָנטערטן און פארשלייערטן אויפן—די ארגומענטאציע און די אָנשויונגען פון אָט די דרײַ מינים אידעאליסטישע סיסטעמעס. מאכ און אווענאריוס,—וועלכע באָגדאנאָוו, באזאראָוו, יושקעוויטש א. א. האָבן אופגעהויבן אף זייער פּאָן אין די ארטיקלען פון זייער זאמלבוך „עטיודן איבער דער פילאָסאָפיע און מארקסיזם“—זײַנען סוביעקטיווע אידעאליסטן אין דעם פּאָשעטסטן און גראָדן זין פון וואָרט. לענין באווײַזט, אז אין מאכס נײַע טערמינאָלאָגיע וועגן „פיזישע“ און „פסיכישע“ עלעמענטן ווערט אף א פארשלייערטן אויפן איבערגעכאזערט די גאנצע ארגומענטאציע פונעם בישאָף בערקלי, וועלכער איז ארויסגעטראָטן אין אָנהייב 18-טן יאָרהונדערט קעגן דעם מאטעריאליזם מיט זײַן סוביעקטיוו-אידעאליסטישער סיסטעם אָנשויונגען. לענין כאראקטעריזירט דעם מאכיזם אלס די „בערקליִאנסטווע“ פון 19-טן יאָרהונדערט. דערמיט ווערן אנטפלעקט און דעמאסקירט די רעאקציִאָנערע וואָרצלען פונעם מאכיזם, וואָס באָגדאנאָוו און די אנדערע מאכיסטן האָבן דערקלערט אלס די נײַע פילאָסאָפיע פון דער נאטורוויסנשאפט פון 19-טן יאָרהונדערט.

די אבסורדן, צו וועלכע עס דערפירט דער סוביעקטיווער אידעאליזם (ווי, לעמאָשל, דער סאָליפסיזם, ד. ה. די אָנשויונג, אז אין דער וועלט קאָן גאָר ניט עקזיסטירן אויסער מײַנע עמפינדונגען, מײַנע אידייען, ד. ה. נאָר איך אליין אדג.) זײַנען פולשטענדיק אָנגעמאָסטן פארן מאכיזם. די אָפענע פארטיידיקונג פון דער רעליגיע, וואָס עס האָט דורכגעפירט דער בישאָף בערקלי מיט זײַנע אָנשויונגען פון סוביעקטיוון אידעאליזם, פירן דורך מאכ און אווענאריוס אף א פארשלייערטן אויפן.

די מאכיסטן באָגדאנאָוו און די קאָמפּ.—זעצן פאָר אָט די פארטיידיקונג פון דער רע-

ליגיע, ווײַל זיי נעמען אָן מאַכ׳ס און אווענאַריוסעס אופּאַסונגען וועגן דעם, אַז די אָביעקטיווקײַט, די פיזישע וועלט איז „סאָציִאַל־קאָנטאַקטירטע, סאָציִאַל־האַרמאָניזירטע“ קורץ—סאָציִאַל־אָרגאַניזירטע דערפאַרונג“ (לענינ. ב. 8; ז. 101). אַזאַ מין צוגאַנג צו אָביעקטיווקײַט באַ באָגדאַנאָוון, באַמערקט לענין, האָט די באַדײַטונג, וואָס צו אַזאַ מין טערמינען פון אָביעקטיווקײַט פּאַסט די לערע פון דער רעליגיע“... אויב דער עמעס, דערקלערט לענין (דערין אויך דער וויסנשאַפטלעכער), איז בלויז די פאָרם, וואָס אָרגאַניזירט די מענטשלעכע דערפאַרונג, ווערט דערמיט גופא אָנערקענט די „פּאָפּאָווּשטשינע“, ווערט פאַר איר געעפנט די טיר, ווערט אָפּגערייניקט דאָס אָרט פאַר די אָרגאַניזירנדיקע פאָרמען פון דער רעליגיעזער דערפאַרונג“ („מאַט. און עמפּ.“ ב. 12, ז. 101—102).

קעמפנדיק קעגן די מאַכיסטישע אָנשויונגען אין דער פראַגע וועגן מאַטעריע און באַוווסטזײַן, שוינט ניט לענין אויך יענע שאַטירונגען אין דער אידעאַליסטישער לייזונג פון אָט דער פראַגע, וואָס עס פירן דורך די נײַקאַנטיאַנער. די נײַקאַנטיאַנער רייניקן אָפּ קאַנטס פילאָסאָפיע פון די מאַטעריִאַליסטישע עלעמענטן, וואָס זײַנען אין איר פאַראַן. קאַנטס פילאָסאָפיע איז די פילאָסאָפיע פון קאָמפּראָמיס צווישן מאַטעריִאַליזם און אידעאַליזם. האָבנדיק אָנערקענט די וועלט אַלס „אַ זאַך אין זיך“, איז קאַנט מאַטעריִאַליסטיש אין דעם זין, וואָס די „זאַך אין זיך איז אָביעקטיוו פאַראַן, זי איז פאַראַן אויסערן באַוווסטזײַן. קאַנט איז אָבער אַ אידעאַליסט און אַ סוביעקטיוויסט, ווײַל ער באַהויפּטעט, אַז אונדזער דערקענטעניש האָט קיין שום צוטריט ניט צו אָט דער אָביעקטיווער וועלט פון די „זאַכן אין זיך“ די נײַ־קאַנטיאַנער פון דער צווייטער העלפט 19־טן און אין אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט אַנטוויקלען קאַנטס סוביעקטיוויזם דערמיט, וואָס זיי פאַרוואַנדלען קאַנטס „זאַך אין זיך“ אין אַ סוביעקטיווער קאַטעגאָריע. לענין באַווײַזט, אַז אין צוגאַנג צו קאַנטס פילאָסאָפיע איז געפירט געוואָרן שטענדיק די קריטיק אָפּ „רעכטס“ (דורך אָפּלייקענען די „זאַך אין זיך“ און אָפּ „לינקס“ (דורך דער קריטיק פון קאַנטס סוביעקטיוויזם). די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע רעוויזיאָניסטן האָבן אופגענומען די קריטיק פון „רעכטס“, שטעלנדיק זיך אָפּ אַזאַ אויפן אין די רייען פון די נײַ־קאַנטיאַנער, וואָס פאַרוואַנדלען קאַנטס דואַליזם (ד. ה. צעצווייטקײַט אין די אָנשויונגען) אין סוביעקטיוון אידעאַליזם. ביכלאַל באַשטייט די טענדענץ פון די פאַרשיידנסטע בורזשואַזע אידעאַליסטיש־פילאָסאָפישע אין דער קריטיק פון קאַנטיאַנטום אין דעם, וואָס זיי קריטיקירן קאַנטן פאַר ניט קאָנסעקווענטן אידעאַליזם און דעריבער סטאַרען זיי זיך צו פאַרבײַטן קאַנטס פילאָסאָפיע אָפּ מער קאָנסעקווענטע אידעאַליסטישע אָנשויונגען. דאָס גופא איז אַ פּראָדוקט פון דער נײַער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע. די מאַכיסטן אינעם לאַגער פון די סאָציִאַל־דעמאָקראַטן האָבן אויך אַרויסגערוקט דעם אַרגומענט, אַז זיי „קריטיקירן“ קאַנטן. לענין באַמערקט דערבײַ, „ווען איך לייען ווי אונדזערע מאַכיסטן פאַרזיכערן, אַז זיי קריטיקירן קאַנטן קאָנסעקווענטער און אַנטשלאָסענער, ווי אַ וועלכע ניט איז פאַרעלטערטע מאַטעריאַליסטן, דוכט מיר שטענדיק, אַז אין אונדזער קאָמפּאַניע איז אַרײַנגעקומען פּורישקעוויטש (אַ באַרימטער אָרגאַניזאַטער און פירער פון דער שוואַרצער מייע—ש. פּ.) און שרײַט: איך האָב קאָנסעקווענטער און אַנטשלאָסענער קריטיקירט די קאַדעטן, ווי איר, הערן מאַרקסיסטן. עס איז קיין סאָפעק ניט, הער פּורישקעוויטש. קאָנסעקווענטע אין פּאָליטיק מענטשן קאָנען און וועלן שטענדיק קריטיקירן די קאַדעטן פון דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכן שטאַנדפּונקט נאָר פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן קריטיקירט די קאַדעטן דערפאַר, וואָס זיי זײַנען צופיל דעמאָקראַטן, און מיר—דערפאַר, וואָס זיי זײַנען ניט גענוג דעמאָקראַטן, די מאַכיסטן קרי־

טיקירן קאַנטן, דערפאר, וואָס ער איז צופיל א מאטעריאַליסט און מיר קריטיקירן אים דערפאר וואָס ער איז ניט גענוג א מאטעריאַליסט. די מאכיסטן קריטיקירן קאַנטן פון רעכטס מיר—פון ל״טקס". (לענין, ב. 13, ז. 163).

צוזאמען מיט אָט דעם אלגעמיינ־ פילאָסאָפישן צוגאנג צו דער פראגע וועגן מאטעריע און באוווּסטזיין באהאנדלט לענין אויך די שטעלונג פון אָט דער פראגע אין דער נייַסטער נאטורוויסנשאפט. די נאטור־פאָרשער האָבן אָנגעהויבן ריידן אפן סמאכ פון די נייַע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט, אז „די מאטעריע פארשווינדט". לענין שטעלט די פראגע וועגן דעם, וואָס פאר א באַדײַטונג עס האָט די דאָזיקע „פארשווינדונג" פון דער מאטעריע—א גנאָסעאָלאָגישע אָדער נאטורוויסנשאפטלעכע? גנאָסעאָלאָגיש וואָלט אזא מין באהויפטונג באַטײַט, אז עס איז ניטאָ קיין אָביעקטיווע רעאַלקייַט פון די זאכן און קערפּער, אז זיי זײַנען בלויז עמפינדונגען, „קאָמפּלעקסן פון עמפינדונגען א.ד.ג. נאטורוויסנשאפטלעך וואָלט דאָס באַטײַט, אז די צושטאנדן פון דער מאטעריע, וועלכע מע האָט זיך פאָרגעשטעלט ביז איצט אין דער נאטורוויסנשאפט ווי אייביקע, ווערן איצט פאָרגעשטעלט אנדערש ווי פריִער און דעריבער הייסט עס „פארשווינדט די מאטעריע".

„יענע (לענינס קורסיוו) מאטעריע־פארשווינדונג, וועגן וועלכער עס ריידן די הייַנטצייטיקע פיזיקער, האָט קיין שום שײַכעס ניט צו דעם גנאָסעאָלאָגישן פאנאנדערשיידן צווישן מאטעריאַליזם און אידעאליזם" („מאט. און עמפ." ב. 8, ז.212).

„ווען די פיזיקער זאָגן: „די מאטעריע פארשווינדט", ווילן זיי דערמיט זאָגן, אז ביז איצט האָט, די נאטורוויסנשאפט דערפירט אלע אירע פאָרשונגען פון דער פיזישער וועלט צו דרייַ לעצטע באגריפן—מאטעריע, עלעקטריציטעט, עטער. איצטער בלײַבן בלויז די לעצטע צוויי"... („מאט. און עמפ.", ב. 8, ז. 213).

די נאטורוויסנשאפט פירט, פאָלגלעך, צו דער איינהייַטלעכקייַט פון דער מאטעריע—אָט אין וואָס עס באשטייט דער ווירקלעכער אינהאלט פון יענער פראגע וועגן דעם פארשווינדן פון דער מאטעריע, וועגן דעם פארבײַטן די מאטעריע דורך עלעקטראָנען א. א. וו. (לענינס קורסיוו—ש. פ.). „די מאטעריע פארשווינדט"—דאָס באַטײַט, אז עס ווערט פארשווינדן יענע גרענעצ, ביז וועלכן מיר האָבן געוווּסט די מאטעריע. אונדזער וויסן גייט טיפער: עס ווערן פארשווינדן אזוינע אייגנשאפטן פון דער מאטעריע, וועלכע, ווי עס האָט געדוכט פריִער, זײַנען אבסאָליוטע, ניט פארענדערלעכע, זײַנען אורשפרינגלעכע (די ניט־דורכדרינגלעכקייַט, די אינערציע, די מאסע א.ד.ג.) און וואָס איצט ווערן זיי אנטפּלעקט ווי פארהעלטניסמעסיקע, וואָס זײַנען אייגנשאפטלעך בלויז אייניקע צושטאנדן פון דער מאטעריע. וואָרעם די איינציקע „אייגנשאפט" פון דער מאטעריע, מיטן אָנערקענען פון וועלכער עס איז פארבונדן דער פילאָסאָפישער מאטעריאַליזם, איז די אייגנשאפט צו זײַן אָביעקטיווע רעאַלקייַט, עקזיסטירן אויסער אונדזער באוווּסטזיין"... (לענינס קורסיוו—ש. פ.).

די מאכיסטן קאָנען ניט דורכפירן אָט דעם אונטערשייד צווישן פילאָסאָפישן און נאטור־וויסנשאפטלעכן זינ פון מאטעריאַל. פון דעם פארהעלטנמעסיקן באַטײַט וועגן דער סטרוקטור פון מאטעריע, פירן ארויס די מאכיסטן די אָפּלייקענונג פון מאטעריע אין גנאָסעאָלאָגישן זינ.

„...דער באגריף מאטעריע באַטײַט גנאָסעאָלאָגיש, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, ניט עפּעס אנדערש ווי די אָביעקטיווע רעאַלקייַט, וואָס עקזיסטירט אומאָפּהענגיק פון מענטשלעכן באוווּסטזיין און וואָס ווערט דורך אים אָפּגעשפיגלט".

דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ באשטייט אפנ לעפיערעכדיק־פארהעלטניסמעסיקנ כאראקטער פונ די נאטור־וויסנשאפטלעכע האנאָכעס וועגנ בוי פונ דער מאטעריע אונ וועגנ אירע אייגנשאפטנ אונ איז אינ קיינ ווידערשפרוכ מיט די אנטדעקונגענ פונ דער נאטור־וויסנשאפט: „ווי עס זאָל ניט זייַנ „מאָדנע" פונ שטאנדפונקט פונ „סייכל־האיאָשער" די פארוואנדלונג פונ אָנוואָגיקנ עטער אונ וואָגיקער מאטעריע אונ פארקערט, ווי עס זאָל ניט זייַנ ווונדערלעכ, וואָס דער עלעקטראָנ האָט ניט קיינ אנדער מאסע, אויסער עלעקטראָמאגניטישע, ווי עס זאָל ניט דוכטנ אומגעוויינלעכ, וואָס די מעכאנישע געזעצנ זייַנענ באגרענעצט דורכ איינ געביט פונ נאטור־דערשייַנונגענ אונ וואָס זיי זייַנענ אונטערגעאָרדנט אונטער טיפערע געזעצנ פונ עלעקטראָמאגניט־דערשייַנונגענ אאוו. דאָס אלצ איז בלויז אנ איבעריקע באשטעטיקונג פונ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ" („מאט. אונ עמפ.", ב. 13, ז. 214).

לענינ באגרענעצט זיכ ניט אזוי ארומ מיט דער קריטיק פונ מאכיזמ, וועלכנ באָגדאנאָוו האָט פאָרגעשטעלט ווי די „נייַסטע נאטורוויסנשאפטלעכע פילאָסאָפיע". לענינ קלייַבט פאנאנדער די קריזיס־מאָמענטנ פונ דער נייַסטער נאטורוויסנשאפט אינ אָט דער פראָבלעמ אונ באווייַזט, אז בלויז דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ קאָנ שאפנ א פילאָסאָפישנ באָדנ פאר דער נאטורוויסנשאפטלעכער פאָרשונג פונ דער מאטעריע.

## ב) מאטעריע אונ באוועגונג

די שטעלונג פונ דער פראָבלעמ וועגנ „מאטעריע" אונ באוועגונג אינ דער נאטור־וויסנשאפט האָט ארויסגערוקט ניט נאָר די פראגע וועגנ גנאָסעאָלאָגישנ אונ נאטור־וויסנשאפטלעכנ באטייַט פונ דער מאטעריע. עס איז ארויסגערוקט געוואָרנ די פראגנ וועגנ צוזאמענהאנג צווישנ מאטעריע אונ באוועגונג. אינ דער נאטורוויסנשאפט פונ סאָפ 19־טנ יאָרהונדערט האָט זיכ אנטוויקלט א שטרעמונג, די אזוי־גערופענע „ענערגעטישע", וואָס האָט געפריידיקט, אז עס איז פאראנ בלויז באוועגונג, אז דאָס וואָס מע באצייכנט ווי מאטעריע, איז בלויז א געוויסע פאָרמ פונ באוועגונג.

לענינ באווייַזט דעמ אונטערשייד צווישנ מאטעריאליסטישנ אונ אידעאליסטישנ צוגאנג צו אָט דער פראָבלעמ.

לענינ צייכנט אָנ דערבייַ פאָלגנדיקע מאָמענטנ: „דער אידעאליסט וועט אפילע ניט קיינ טראכט טאָנ אָפצולייקענענ, אז די וועלט איז באוועגונג, נעמלעכ — די באוועגונג פונ מייַנע געדאנקענ, פאָרשטעלונגענ, עמפינדונגענ. די פראגע וועגנ דעמ, וואָס עס באוועגט זיכ, וועט דער אידעאליסט אָפּוואַרפנ אונ וועט האלטנ, אז זי איז אנ אומגעלומפערטע. עס בייַטנ זיכ מייַנע עמפינדונגענ. עס ווערנ פארשווונדנ אונ עס דערשייַנענ פאָרשטעלונגענ אונ אויסער מיר עקזיסטירט גאָרניט, עס באוועגט זיכ — אונ באסטא! קיינ מער עקאָנאָמערנ דענקענ קאָנ מענ זיכ ניט פאָרשטעלנ אונ מיט קיינ שומ באווייַזנ, סילאָגיזמענ, באשטימונגענ קאָנ מענ ניט אָפּוואַרפנ דעמ סאָליפסיסט, אויב ער פירט דורכ קאָנסעקווענט זייַנ אָנשויונג" („מאט. אונ עמפ." ב. 18, ז. 219).

קעגנ אָט דער אויבנ געבראכטער כאראקטעריסטיק פונ דעמ אידעאליסטישנ צוגאנג צו דער פראָבלעמ וועגנ מאטעריע אונ באוועגונג שטעלט לענינ אנטקעגנ די מאטעריאליסטישע.

„דער גרונט־אונטערשייד צווישנ א מאטעריאליסט אונ אָנהענגער פונ אידעאליסטישער פילאָסאָפיע באשטייט אינ דעמ, וואָס די עמפינדונג, די פאָרשטעלונג, די באנעמונג אונ

ביקלאָל דאָס באַוווּסטזײַן פֿון מענטשן ווערט אָנערקענט אַלס דאָס בילד פֿון דער אָביעקטיווער רעאַלקײַט. דער באַוועגונג פֿון פֿאָרשטעלונגען, באַנעמונגען אאַוו. אַנטשפּרעכט די באַוועגונג פֿון דער מאַטעריע אויסער מיר. דער באַגריף מאַטעריע דריקט ניט אויס עפּעס אַנדערש אויסער אָביעקטיווע רעאַלקײַט, וואָס איז געגעבן אין דער עמפּפֿינדונג. דעריבער אָפּרײַסן די באַוועגונג פֿון דער מאַטעריע איז גלײַך צו דעם ווי אָפּרײַסן דאָס דענקען פֿון דער אָביעקטיווער רעאַלקײַט, אָפּרײַסן מײַנע עמפּפֿינדונגען פֿון דער דרויסנדיקער וועלט ד. ה. אַריבערגיין אויף דער זײַט פֿון אידעאַליזם[1]). יענער קונץ, וואָס מע מאַכט אָפּלייקענענדיק די מאַטעריע, מיטן אָננעמען די האַנאָכע, אַז די באַוועגונג עקזיסטירט אָן מאַטעריע באַשטייט אין דעם, וואָס עס ווערט פֿאַרשוויגן די פֿאַרהעלטעניש פֿון דער מאַטעריע צום געדאַנק. מע שטעלט די זאַך פֿאָר אויף אַזאַ אויפֿן, אַז אַזאַ פֿאַרהעלטעניש איז קלוימערשט ניט געווען און אין דערווירקלעכקײַט שלעפּט מען זי דורך שטילערהייט, זי בלײַבט ניט אַרויסגעזאָגט אין אָנהייב פֿון דער אורטיילונג, זי שווימט אַרויס מער אָדער ווייניק ניט־באַמערקטע־הייט שפּעטער". („מאַט. און עמפּ.", ב. 13, ז. 219).

לעניני דערקלערט ווײַטער זײַן געדאַנק, אָנווײַזנדיק, „אַז אויב מע דערקלערט, אַז די מאַטעריע איז פֿאַרשוווּנדן און דערבײַ מיינט מען, אַז דער געדאַנק איז ניט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, איז מען אַריבער אויפֿן שטאַנדפּונקט פֿון פֿילאָסאָפֿישן אידעאַליזם" (ב. 13, ז. 219).

לעניני שטרײַכט אונטער, אַז אין אָט דער פֿראַגע זײַנען פֿאַרשיידענערליי טויזנטער שאַטירונגען און אַז מע קאָן שטענדיק שאַפֿן אַ 1001־טע שאַטירונג", אָבער דאָס איז ניט וועזנטלעך אין דער לייזונג פֿון דער פּראָבלעם וועגן דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוועגונג.

„וועזנטלעך איז דער אויסגאַנג־פּונקט, וועזנטלעך איז דאָס, אַז דער פּרוּוו צו ד ע נ ק ע נ באַוועגונג אָן מאַטעריע שמוגלט דורך, אַז דער ג ע ד אַ נ ק איז אָפּגעריסן פֿון דער מאַטעריע און דאָס איז דאָך פֿילאָסאָפֿישער אידעאַליזם" („מאַט. און עמפּ.", ב. 13, ז. 22).

אַזוי־אַרום, אַנטפּלעקט לעניני דעם ענגסטן צוזאַמענהאַנג אינעם צוגאַנג צו דער לייזונג פֿון דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוועגונג מיטן צוגאַנג צו דער לייזונג פֿון דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוווּסטזײַן, מאַטעריע און דענקען.

אײַנאַרטיק איז דאָ די גאַנצע לעניניסטישע שטעלונג פֿון דער פֿראַגע וועגן דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוועגונג: זי באַווײַזט, ווי אין דער דאָזיקער פּראָבלעם, וועלכע איז אויפֿגעקומען אין דער נאַטורוויסנשאַפֿט אַדאַנק אירע נײַע דערגרייכונגען, איז, אייגנטלעך, פֿאַראַן דער זעלביקער גנאָסעאָלאָגישער אינהאַלט, ווי אין דער פּראָבלעם וועגן דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוווּסטזײַן. נאָר בײַ אַזאַ שטעלונג פֿון דער פֿראַגע ווערט אַנטפּלעקט דער אידעאַליזם פֿון דער „ענערגעטישער" שטרעמונג אין דער נאַטורוויסנשאַפֿט.

## ג) רוים און צײַט

אויב עס ווערן אויסגענוצט דורך דער אידעאַליסטישער פֿילאָסאָפֿיע די וואַקלונגען פֿון די נאַטור־פֿאָרשער אין דער פֿראַגע וועגן דער פֿאַרהעלטעניש צווישן מאַטעריע און באַוועגונג, ווערט נאָך מער מי אויסגעלייגט מיצאַד די פֿאַרשיידענערליי אידעאַליסטן צו באַווײַזן, אַז ר וי ם א ו ן צ ײַ ט,—וואָס זײַנען די עקזיסטענץ־פֿאָרמען פֿון דער מאַטעריע,—

[1]) קורסיוו אונדזערער—ש. פּ.

עקזיסטירנ ניט אָביעקטיוו. דער סמאכ, אפ וועלכנ די נײַע אידעאליסטנ כאזערנ איבער אָט די גרונט־האנאָכע פונ די אלטע אידעאליסטישע אָנשויוּנגענ אינ אָט דער פראגע באשטייט אינ דעמ, וואָס די קאָנקרעטע, ד.ה. פיזישע, נאטורוויסנשאפטלעכע פאָרשטעלונגענ וועגנ דער פארהעלטעניש צווישנ מאטעריע אונ באוועגונג, רוימ אונ צײַט ווערנ אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשלעכער דערקענטעניש געענדערט, וואָס אונדזערע קאָנקרעטע פאָרשטעלונגענ וועגנ רוימ אונ צײַט זײַנענ אלזאָ פארהעלטניסמעסיקע.

לענינ דערווײַזט, אז „די מאכיסטנ, ווי ביכלאל די אידעאליסטנ, האָבנ ניט פארשטאנענ דעמ אונטערשייד צווישנ דער פארהעלטניסמעסיקײַט פונ אונדזערע קאָנקרעטע פאָרשטעלונגענ וועגנ רוימ אונ צײַט אונ וועגנ דער אבסאָליוטקײַט פונ דעמ, אז רוימ אונ צײַט זײַנענ אָביעקטיווע פאָרמענ פונ דער באוועגלעכער מאטעריע“.

אינ זײַנ ארגומענטאציע וועגנ אָט דעמ פונקט פירט לענינ די זעלביקע ליניע ווי אינ דער לייזונג פונ דער פראגע וועגנ דער פארהעלטעניש צווישנ באוועגונג אונ מאטעריע, נעמלעכ: די אלע וואָס לייקענענ די אָביעקטיווקײַט פונ רוימ אונ צײַט, מוזנ אויכ לייקענענ די „אָביעקטיווע רעאלקײַט“ ביכלאל, ד.ה. מוזנ זיכ שטעלנ אפנ שטאנדפונקט פונ אידעאליזמ אינ אָט דער פראגע.

לענינ פארטיידיקט מארקס אונ ענגעלסעס אָנשויוּנגענ אינ דער פראגע וועגנ דער אָביעקטיווקײַט פונ רוימ אונ צײַט, באווײַזנדיק, אז זיי זײַנענ אינ ענגסטנ צוזאמענהאנג מיט דער גאנצער מאטעריאליסטיש־דיאלעקטישער גנאָסעאָלאָגיע.

„אָפרײַסנ ענגעלסעס לערע וועגנ דער אָביעקטיווער רעאלקײַט פונ צײַט אונ רוימ פונ זײַנ לערע וועגנ פארוואנדלענ די „זאכנ אינ זיכ“ אינ „זאכנ פאר אונדז“, פונ זײַנ אָנערקענענ דעמ אָביעקטיווונ אונ אבסאָליוטנ עמעס, נעמלעכ: די אָביעקטיווע רעאלקײַט, וואָס איז געגעבנ אינ דער עמפינדונג (קורסיוו אונדזערער—ש. פ.), פונ זײַנ אָנערקענענ די אָביעקטיווע געזעצמעסיקײַט, אורזאכלעכקײַט, נויטווענדיקײַט אינ דער נאטור,—דאָס באטײַט פארוואנדלענ א פארגאנצטע פילאָסאָפיע אינ א ברעקלעכ־געמישעכטס“. באזונדער, ווי אלע מאכיסטנ, האָט זיכ ארויפגעשלאָגנ אפ דעמ, וואָס ער האָט צונויפגעמישט די פארענדערלעכקײַט פונ די מענטשלעכע באגריפנ וועגנ צײַט אונ רוימ, זייער פארהעלטניסמעסיקנ כאראקטער מיט דער אומפארענדערלעכקײַט, פונ דעמ פאקט, וואָס דער מענטש אונ די נאטור עקזיסטירנ אינ דער צײַט אונ רוימ. (קורסיוו אונדזערער). „וועגנס אויסערנ רוימ אונ צײַט,—וועלכע עס האָבנ געשאפנ די „פאָפאָווטשינע“ אונ וואָס ווערנ געשטיצט דורכ דער אײַנבילדונג פונ דער אמאראצישער אונ דערשלאָגענער מאסע פונ דער מענטשהײַט,—זײַנענ א קראנקע פאנטאזיע, זײַנענ דריידלעכ פונעמ פילאָסאָפישנ אידעאליזמ, זײַנענ אנ אומטויגלעכער פראָדוקט פונ אנ אומטויגלעכער געזעלשאפט. עס קאָנ פארעלטערט ווערנ אונ עס ווערט פארעלטערט מיט יעדנ טאָג די לערע פונ דער וויסנשאפט וועגנ בוי פונ שטאָפ, וועגנ כימישנ באשטאנד פונ דער שפײַז, וועגנ אטאָמ אונ עלעקטראָנ, אָבער עס קאָנ ניט פארעלטערט ווערנ דער עמעס, אז דער מענטש קאָנ זיכ ניט נערנ מיט געדאנקענ אונ געבוירנ קינדער מיט בלויז פלאטאָנישער ליבע. אונ די פילאָסאָפיע, וואָס לייקנט אָפ די אָביעקטיווע רעאלקײַט פונ צײַט אונ רוימ, איז אויכ אזוי אומגעלומפערט, איז פויל פונ אינעווייניק אונ פאלש, ווי דאָס אָפּלייקענענ אָט די לעצטע עמעס:“ („מאט. אונ עמפּ.“, ב. 13, ז. 152).

באָגדאַנאָוו פירט דורכ אינ פולער איינשטימונג מיט זיינ האנאָכע וועגנ אָביעקטיווקייט (אָביעקטיוו איז לויט באָגדאַנאָוונ דאָס, וואָס איז „סאָציאַל־קאָנטאַקטירט“ אונ איז „איינצייטיק אנערקענט דורכ אלע מענטשנ) דעמ געדאַנק, אַז צייט אונ רוימ זיינענ פאָרמענ פונ „סאָציאַלער קאָנטאַקטירונג פונ דער דערפארונג בא די פארשיידענע מענטשנ“.

לויטנ באַמערקט דערופ, אַז דאָס איז דורכויסיקע פאַלשקייט. „בא באָגדאַנאָוונ קומט אויס, אַז די פארשיידענע פאָרמענ פונ רוימ אונ צייט פּאַסנ זיכ צו צו דער דערפארונג פונ די מענטשנ אונ צו זייער דערקענטעניש־פייִקייט. אינדערעמעסנ איז פונקט פאַרקערט: אונדזער „דערפארונג“ אונ אונדזער דערקענטעניש פּאַסנ זיכ אַלצ מער צו צו דעמ אָ ב י ע ק ט י וו נ רוימ אונ צייט, אָ פּ ש פּ י ג ל ע נ ד י ק זיי אַלצ ריכטיקער אונ טיפער“ („מאַט. אונ עמפּ., ב. 13, ז. 153—154).

אינ אָט די אלע מאָמענטנ פונ דער גנאָסעאָלאָגיע, וועלכע מיר האָבנ ביז איצט באַטראַכט, איז דער אַקצענט געשטעלט געוואָרנ אפנ ערשטנ טייל אינ דעמ באַגריפ מאַטעריע—די „אָביעקטיווע רעאַלקייט“. אינ דעמ זינ איז באַהאַנדלט געוואָרנ די פארהעלטעניש צווישנ מאַטעריע אונ באַוווּסטזיינ, מאַטעריע אונ באַוועגונג, רוימ אונ צייט. לעניג אָבער אַרבעט פונאַנדער די מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישע גנאָסעאָלאָגיע אינעמ קאַמפ מיט קאָלערליי אידעאַליסטישע שאַטירונגענ אויכ אינ יענע צוזאַמענהאַנגענ, מיט וועלכע עס איז פארבונדנ דער צווייטער מאָמענט אינ באַגריפ מאַטעריע—נעמלעכ: א י ר אָ פּ ש פּ י ג ל ו נ ג א י נ ע מ ב א וו ו ס ט ז י י נ. אויכ אינ דעמ פראַט האָבנ די מאַכיסטנ אונ אַנדערע אידעאַליסטישע גרופּירונגענ געשאַפנ פארשיידערנערליי פארפּלאָנטערטע טעאָריעס. לעניג אַנטפּלעקט אויכ אינ אָט די אלע טעאָריעס זייער אידעאַליסטישנ טאָכ. לעניג באַווייזט, ווי יעדע מינדסטע אָפּווייכונג פונ דער „אָפּשפּיגלונג־טעאָריע“ פירט צומ אידעאַליזמ, צו רעליגיע, צו רעאַקציע. דער קאַמפ אינ דעמ הינזיכט איז פארבונדנ מיט דער קריטיק פונ דער אידעאַליסטישער דערפארונג־פילאָסאָפיע.

5

# קאַמפ קעגנ דער אידעאַליסטישער „דערפארונג“־פילאָסאָפיע

די מאַכיסטנ אונ נײַ־קאַנטיאַנער לייזנ די פראַגע וועגנ צוזאַמענהאַנג צווישנ מאַטעריע אונ באַוווּסטזיינ אַרויסגייענדיק פונ פארשיידענע „דערפארונג“־קאָנצעפּציעס. זייער פילאָסאָפיע איז די פילאָסאָפיע פונ „ריינער דערפארונג“.

די „דערפארונג“־פילאָסאָפיע (דאָס הייסט די פילאָסאָפיע, וואָס שטעלט אַרויס „די דערפארונג“ אלס דאָס ערשטע אונ אויסגאַנגלעכע אינ דער לייזונג פונ דער פראַגע וועגנ דענקענ אונ זיינ) האָט איר קוואַל אינ קאַנטס אונ יומס אַגנאָסטיציזמ. קאַנט האָט אָנגערופנ זיינ פילאָסאָפיע „קריטישער אידעאַליזמ“, אונטערשטרייכנדיק דערמיט, אַז די קריטיק פונ דער „דערפארונג“, ד. ה. פונ די דערקענטעניש־פייִקייטנ איז דער אויסגאַנג־פונקט פארנ לייזנ די פּראָבלעמ וועגנ דעמ, וואָס איז דאָס ערשטע, דאָס זיינ אָדער דאָס דענקענ.

מאַכ אונ אַווענאַריוס גייענ אויכ אַרויס פונ אַזאַ מינ „דערפארונג“־קריטיק. זיי באַצייכענענ זייערע אָנשויונגענ אלס „עמפּיריאָקריטישע“ (ד.ה. אלס „דערפארונג־קריטישע“). אַווענאַריוסעס גרונט־ווערק איז די „פילאָסאָפיע פונ ריינער דערפארונג“. די מאַכיסטנ אונ די נײַ־קאַנטיאַנער אַנטוויקלענ ווייטער קאַנטס אַנאַליז פונ דער „דערפארונג“, דערווייזנדיק, אַז קאַנטס האנאָכע וועגנ דער אָביעקטיווער רעאַלקייט (ד.ה. אַז די „זאַכ אינ זיכ“ עקזיס־

טירט אויסערנ באוווסטזיַינ) איז א פאלשע. דער „קריטיציזמ" ווערט בא די מאכיסטנ אונ נײַ־קאנטיאנער פארוואנדלט אינ סוביעקטיווג אידעאליזמ.

לענינ דעמאסקירט אָט דעמ סוביעקטיוו־אידעאליסטישנ אינהאלט פונ דער נײַער מאכיסטישער אונ נײַ־קאנטיאנישער „דערפארונג"־פילאָסאָפיע.

## א) וועגנ באגריפ „דערפארונג"

לענינ דערווײַזט, אז אויכ בענעגייע דעמ באגריפ „דערפארונג" גייט פאָר דער קאמפ צווישנ מאטעריאליזמ אונ אידעאליזמ, אז דאָס באשליסנדיקע אינ דער דאָזיקער פראגע איז די אָנשויונג וועגנ דעמ, וואָס איז דאָס ערשטע—די מאטעריע אָדער דאָס באוווסטזײַנ.

„פונ דער געשיכטע פונ דער פילאָסאָפיע איז באוווסט, אז די אויסטײַטשונג פונ באגריפ דערפארונג האָט פאנאנדערגעטיילט די קלאסיקער—מאטעריאליסטנ אונ אידעאליסטנ... מע קאָנ בלויז באדויערנ די מענטשנ, וועלכע האָבנ געגלויבט אווענאריוסנ אונ דער קאָמפ, אז מיטנ ווערטעלע „דערפארונג" קאָנ מענ קלוימערשט אריבערשטײַגנ דעמ „פארעלטערטנ" אונטערשייד צווישנ מאטעריאליזמ אונ אידעאליזמ" („מאט. אונ עמפ.", ב. 13, ז. 122).

לענינ באווײַזט, אז פארלירנדיק די גרענעצ צווישנ מאטעריאליזמ אונ אידעאליזמ אינ אָט דער פראגע, מוז מענ ארײַנפאלנ אינ אידעאליסטישנ פלאָנטער אונ פעלערנ. אינ אזא לאגע איז ארײַנגעפאלנ פלעכאנאָוו. אינ א ספעציעלנ קאפיטל „פלעכאנאָווס פעלער בענעגייע דעמ באגריפ „דערפארונג" באווײַזט לענינ, ווי פלעכאנאָוו האָט ניט פארשטאנענ אָט דעמ אונטערשייד צווישנ מאטעריאליזמ אונ אידעאליזמ אינ דעמ „דערפארונג"-באגריפ אונ דאָס האָט אימ געבראכט צו געוויסע קאָנצעסיעס דעמ מאכיזמ. פלעכאנאָוו האָט באהויפטעט, אז דער מאכיזמ פארלירט זײַנ אונטערשייד פונ מאטעריאליזמ, אויב די „דערפארונג" ווערט פארשטאנענ ניט אלס „מיטל פונ דערקענטעניש", נאָר אלס „געגנשטאנד פונ דער דערקענטעניש".

לענינ דערקלערט, אז די סוביעקטיווע אידעאליסטנ, ווי לעמאָשל, פיכטע, האָבנ פארשטאנענ די דערפארונג אלס „געגנשטאנד פונ דער דערקענטעניש" אונ דאָס האָט זיי ניט געשטערט צו פארבלײַבנ אידעאליסטנ. דאָס זעלביקע קומט פאָר מיט אווענאריוסנ אונ מיט מאכנ.

די מאטעריאליסטישע לייזונג פונ דער דערפארונג־פראָבלעמ באשטייט אינ דעמ, וואָס עס מוז קלאָר פאָרמולירט ווערנ, וואָס עס באטײַט די „דערפארונג"—צי באטײַט זי די אָפשפיגלונג פונ דער אָביעקטיווער וועלט (דה., אז די האנאָכע וועגנ דער אָביעקטיווקײַט פונ דער וועלט ליגט אינ גרונט פונעמ אנאליז פונ די דערפארונג-פייִקײַטנ), אָדער צי באטײַט זי, אז די דערפארונג שטעלט ניט פאָר מיט זיכ קיינ אָפשפיגלונג פונ דער אָביעקטיווער וועלט, אז איר אנטשטייונג אלזאָ האָט דעמ קוואל פונ וועלכע די פארשיידענע אידעאליסטישע אָנשויונגענ פירנ ארויס די גאָט־אידייענ א.ד.ג.

לענינס שטעלונג פונ מאטעריאליסטישנ אונ אידעאליסטישנ צוגאנג צו דעמ „דערפארונג"־באגריפ שאפט די מעגלעכקײַט צו דעמאסקירנ די פילאָסאָפישע כקירעס אונ דריידלעכ פונ מאכ אונ אווענאריוס.

אווענאריוס האָט געשאפנ א טעאָריע וועגנ „פרינציפיעלער קאָאָרדינאציע", ד.ה. די אָנשויונגענ וועגנ דעמ, אז דער „איכ" אונ „ניט איכ" (דאָס באוווסטזײַנ אונ די אָביעקטיווע וועלט) עקזיסטירנ ניט איינער אָנ דעמ צווייטנ, אז די „ריינע דערפארונג באטײַט די אומעגלעכקײַט פונ דעמ, אז דער „ניט איכ" זאָל עקזיסטירנ אומאָפהענגיק פונעמ „איכ".

בא אווענאריוסן איז די דאָזיקע טעאָריע וועגן „פּרינציפּיעלער קאָאָרדינאַציע" אַנטוויקלט אין א זייער טונקעלער און סכאָלאַסטישער פאָרם וועגן דעם, אז אין דער פּרינציפּיעלער קאָאָרדינאַציע, דה. אין דער „פולער דערפאַרונג" קאָן מען ניט דענקען דעם „געגנגליד" „אָן דעם צענטראַלן גליד". (דער „נעגנגליד"—די נאַטור, דער „צענטראַלער גליד"—דער מענטש), לעניג אַנטפּלעקט אין אָט דער „טאַראַבאַרטשינע" דעם איבערגעקלייַדעטן סוביעקטיוון אידעאַליזם („מאַט. און עמפּ". ב. 13, ז. 118).

אווענאַריוסעס טעאָריע וועגן „פּרינציפּיעלער קאָאָרדינאַציע" האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מאַכיסטן—באָגדאַנאָוו א.א.—אויפגענומען ניט קריטיש. אָבער אָט די טעאָריע געפינט זיך אין א שרייַענדיקן ווידערשפּרוך צו דער גאַנצער נאַטורוויסנשאַפט, וועלכע דערווייַזט, אז די וועלט, די נאַטור, די ערד האָט עקזיסטירט איידער דער מענטש איז אַנטשטאַנען אין דער נאַטור. לויט אווענאַריוסן קומט אויס, אז די נאַטור האָט ניט עקזיסטירט פאַרן אויפקומען פון מענטשן אָדער אז דאָס באַוווסטזייַן האָט עקזיסטירט אויך דעמלט, ווען די וועלט האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון פייַער, אָדער ווען אף דער ערד האָט נאָך ניט עקזיסטירט קיין לעבעדיקער מענטש. לעניג באַווייַזט, ווי אווענאַריוסעס שילער און נאָכפאָלגער—פּעטצאָלד, ווילליי—זוכן אַן אויסוועג פון אָט דער מיסטיק פון אווענאַריוסעס „קאָאָרדינאַציע־טעאָריע" און וויאַזוי זיי זייַנען ניט בעיכולעס צו געפינען דעם אויסוועג, שטעלנדיק זיך אף די פּאָזיציעס פון קאַנטס אַגנאָסטיציזם, אָדער אָנקומענדיק צום סאָליפּסיזם. אווענאַריוס גופא האָט געשאַפן א טעאָריע וועגן דעם, אז קעדיי עס זאָל זייַן מעגלעך די „קאָאָרדינאַציע" פון „איך" און „ניט איך" אויך אין יענער צייַט, ווען דער „איך" האָט ניט עקזיסטירט, איז נייטיק אָנערקענען, אז עס איז פאַראַן א „פּאָטענציעלער"[1] „איך", אָדער לויט אווענאַריוסעס טערמינאָלאָגיע א „צענטראַלער גליד". אָבער וואָס איז אַזוינס אָט דער „פּאָטענציעלער צענטראַלער גליד". ד.ה. אָט דער פּאָטענציעלער „איך"? איינער פון אווענאַריוסעס שילער—ווילליי—האָט אַרויסגערוקט אין אָנהייב א טעאָריע, אז דאָס איז די באַלעכיי, די ווערים, לעמאָשל, וואָס האָבן עקזיסטירט פאַרן אויפקומען פון מענטשן אף דער ערד. דאָס האָט באַטייַט, באַמערקט לעניג, אז דער וואָרעם האָט דעם זעלביקן באַוווסטזייַן, ווי דער מענטש. שפּעטער האָט ווילליי פאַרשטאַנען דעם אַבסורד פון אַזא געדאַנק און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אים, אָבער דאַן איז ער געקומען צום געדאַנק, אז עס איז אייגנטלעך געניג אָנערקענען דעם סאָליפּסיזם און לעבן מיטן איצטיקן מאָמענט.

פּעטצאָלד האָט אָפּגעווענדעט אָט די אַרגומענטאַציע, פאַרשטייענדיק איר גאַנצע אַבסורדישקייַט, נאָר ער פירט אַרייַן אין אָט דער אווענאַריוסעס טעאָריע דעם געדאַנק, אז אין דער וועלט עקזיסטירט די אורזאַכלעכקייַט, וועלכע איז אָבער א סוביעקטיווער געזעץ.

לעניג פירט אונטער א סאַכאַקל אָט די אַלע טעאָריעס: „דער סאַכאַקל, עס זייַנען אַרויסגעטראָטן פאַר אונדז דרייַ עמפּיריאָקריטישע פּראָפעטן, וועלכע האָבן זיך געמיט מיטן שווייס פון פּאָנעם אויסצוגלייַכן זייער פילאָסאָפיע מיט דער נאַטורוויסנשאַפט, פאַרלאַטן די לעכער פון סאָליפּסיזם. אווענאַריוס האָט איבערגעכאַזערט פיכטעס דערווייַזונג און האָט אומגעביטן די *וווירקלעכע וועלט אף דער אייַנגעבילדעטער וועלט* (קורסיוו אונדזערער—ש. פ.). פּעטצאָלד האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון פיכטעס אידעאַליזם און האָט זיך צוגערוקט צו קאַנטס אידעאַליזם. ווילליי, האָבנדיק געליטן א דורכפאַל מיטן

[1] „פּאָטענציעל"—באַטייַט דאָס, וואָס איז נאָך ניטאָ, נאָר וואָס קאָן זייַן.

„ווערעמל”, האָט א מאכ געטאָן מיט דער האנט און האָט אומגערן ארויסגעפלאפלט דעם עמעס: אָדער מאטעריאַליזם, אָדער סאָליפסיזם, אָדער אפילע אָנערקענען גאָרניט אויסער דעם איצטיקן מאָמענט” („מאט. און עמפ.”, ב. 13, ז. 66).

לענין דערווײַזט ווי די רוסלענדישע מאכיסטן האָבן אָט דאָס אלעס ניט פארשטאנען און כאזערן איבער „קימאט די זעלביקע ארגומענטאציע, וואָס דערפירט צו די אויבן געבראכטע אבסורדן פון די מאכיסטן אווענאריוס, ווילליי און פעטצאָלד. לענין דעמאס־קירט אזוי ארום באזאראָוון, וואָס טרעט ארויס קעגן פלעכאנאָווס באהויפטונג, אז מיר קאָנען ניט האָבן וועגן די „זאכן אין זיכ” (ד.ה. וועגן דער אויסערלעכער וועלט) קיין שום פאָרשטעלונג, ווײַל „מיר ווייסן בלויז די רעזולטאטן פון זייער ווירקונג אפ אונדזערע זינ־אָרגאנען”. באזאראָוו פרעגט, „וועלכע „זינ־אָרגאנען” האָבן עקזיסטירט אפ דער ערד אין דער עפאָכע פון די איכטיאָזאווערן” (ריזיקע פיש—ש. פ.). און ער מאכט דעם אויספיר, אז דער פאלעאָנטאָלאָג (ד.ה. דער, וואָס פאָרשט די געשיכטע פון די באלעכײַ און געוויקסן אין די פארגאנגענע עפאָכן פון דער ערד־אנטוויקלונג—ש. פ.). אויב ער וויל בלײַבן אפ א „רעאלן” באָדן, מוז שרײַבן די געשיכטע פון דער צווייטער עפאָכע אין די אָנשויונג־פאָרמען פון די איכטיאזאווערן. אויכ דאָ פאָלגלעכ, קיין שריט פאָרויס אין פארגלײַכ מיטן סאָליפסיזם. „(מאט. און עמפ.”, ב. 13. ז. 67).

און לענין דערקלערט באזאראָוון און די אנדערע רוסישע מאכיסטן, אז זיי האָבן ניט פארשטאנען דעם איקער אין דער פראגע וועגן דער „דערפארונג”—אז מאטעריאַליסטיש באנעמען אָט דעם באגריפ באטײַט אנערקענען, אז פאר דער „דערפארונג” און אומאָפ־העניק פון דער דערפארונג, עקזיסטירט די אויסערע, אָביעקטיווע וועלט. לענין דערווײַזט, אז די רוסישע מאכיסטן פאלן ארײַן אין די זעלביקע אָרעמס פון רעליגיע, ווי זייערע לערער, וועלכע מיינען, אז זיי האָבן זיכ געשטעלט איבערן מאטעריאַליזם און אידעאליזם.

די פראָבלעם וועגן דער פארהעלטעניש צווישן „דערפארונג” און דער אָביעקטיווער וועלט האָט נאָכ באקומען א ווײַטערן אינהאלט. קאנט נאָכ האָט, אנאליזירנדיק די „דער־פארונג”, אויסגעטיילט אין איר די עמפינדונגען—אלס מאטעריאַל פון דער „דערפא־רונג”—און דעם „פארשטאנד”, די באגריפן, וואָס בילדן די פאָרם, וואָס ברענגט ארײַן אָרדענונג און צוזאמענהאנג אין דעם מאטעריאַל פון דער „דערפארונג”—עמפינדונגען.

די מאכיסטן און נײַ־קאנטיאנער האָבן אויכ געשטעלט אָט די פראָבלעם, לײַזנדיק זי אין סוביעקטיוו־אידעאליסטישן זינ. קאנט האָט געשאפן די טעאָריע וועגן דעם, אז דער פארשטאנד בילדעט די פאָרמ פאר דער עמפינדונג און איז געגעבן דעם מענטשן לעכאט־כײַלע, ד.ה., אז ער שטאמט ניט פון דער דערפארונג גופע, די באגריפן, דער פארשטאנד טראָגן ארײַן אָרדענונג אין די עמפינדונגען, אדאנק זיי ווערט מעגלעכ די איינהײַטלעכ־קײַט אינעם „איכ”. די איינהײַטלעכקײַט פון דער וועלט, איר געזעצמעסיקײַט איז בלויז א סוביעקטיווע דערשײַנונג, זי איז מעגלעכ אדאנק דעם, וואָס מיר (ד.ה. די מענטשן) טראָגן ארײַן געזעצמעסיקײַט אין דער נאטור. אָט די פראָבלעם האָט באקומען איר אויס־דרוק אין דער פראגע וועגן אורזאכלעכקײַט און געזעצמעסיקײַט.

## ב) די אורזאכלעכקײַט-פראָבלעם

לענין שטעלט די פראגע וועגן דער אורזאכלעכקײַט אין דער נאטור אין דעם זעלביקן זינ, ווי אין די אנדערע פראגן פון גנאָסעאָלאָגיע, באווײַזנדיק, אז אין טאָכ פון די פארשיידענערליי אָנשויונגען ליגט דער אויסגאנג־פונקט: מאטעריאַליזמ אָדער אידעאליזם.

„די סוביעקטיוויסטישע ליניע אינ דער פראגע וועגנ אורזאכלעכקייַט איז פילאָסאָפישער אידעאליזמ (צו זייַנע ווארִיאציעס געהערנ אי יומס, אי קאנטס אורזאכלעכקייַט־טעאָריעס), ד. ה. מער אָדער ווייניקער אָפּגעשוואכטער, פארוואסערטער פידעאיזמ. די אָנערקענונג פונ דער אָביעקטיווער געזעצמעסיקייַט אינ דער נאטור אונ די אומגעפער ריכטיקע אָפּשפיגלונג פונ אָט דער געזעצמעסיקייַט אינ קאָפּ פונ מענטשנ איז מאטעריאליזמ“ (כ. לענינ, ב. 13, ז. 127).

שטעלנדיק אזוי די פראגע וועגנ צוגאנג צו אורזאכלעכקייַט, דעמאסקירט לענינ די פארשיידענע סכאָלאסטישע דריידלעכ, וועלכע עס מאכנ די פארשיידענע אידעאליסטנ אינ דער פאָרמולירונג פונ דער אורזאכלעכקייַט, מיינענדיק אפ אזא אויפנ זיכ ארויסדרייענ פונ מאטעריאליסטישער אָדער אידעאליסטישער ליזונג פונ דער פראגע. לענינ קלייַבט פאנאנדער גענוי אונ אויספירלעכ פעטצאָלדס ארגומענטאציע, וואָס איז א „מוסטער פונ רעאקציאָנערער מאכיסטישער סכאָלאסטיק“ (כ. לענינ. ב. 13, ז. 132). לענינ באווייַזט, ווי די אלע מאכיסטנ אונ גרויסע געלערנטע, ווי, לעמאָשל, דער פיזיקער פואנקארע, פארפלאָנטערנ די פראגע, בלייַבנדיק אינ טאָכ אפ אידעאליסטישע פאָזיציעס. דער לעצטער האָט אנטוויקלט די טעאָריע, אז „די נאטור־געזעצנ זייַנענ סימבאָלנ, באדינגלעכקייַט, וואָס דער מענטש שאפט צוליב באקוועמלעכקייַט“ (כ׳ לענינ, ב. 135, ז. 135) (לענינס קורסיוו—ש. פ.).

די רוסישע מאכיסטנ האָבנ אופגענומענ אָט די סימבאָליסטישע אורזאכלעכקייַט־טעאָריעס אונ איינער פונ זיי יושקעוויטש האָט אפילע צוגעטראכט א ספעציעלנ טערמינ „עמפיראָסימבאָליזמ“, אָט דער „פילאָסאָפ“ האָט דאָס דערקלערט, אז אלע גרונט־באגריפנ פונ דער נאטורוויסנשאפט (ענערגיע, מאסע, צייַט, רוימ א. א. וו.) זייַנענ „עמפיריאָסימבאָלנ“, וואָס באפרידיקנ ביז א געוויסער צייַט די מענטשלעכע גרונט־באדערפענישנ ארייַנצוטראָגנ סייכל, לאָגאָס אינ דעמ איראציאָנעלנ (ד.ה. ניט סייכלדיקנ געהיימניספולנ) פלוס פונ דעמ, וואָס איז געגעבנ“ (כ׳ לענינ, ב. 13, ז. 137). לענינ שפעט אויס אָט די יושקעוויטשעס „עמפיריאָסימבאָלישע“ טעאָריעס: „אינ א קאָסטיומ פונ אנ אדלעקינ, פונ שטיקלעכ בונטער, שרייַענדיקער „נייַסטער“ טערמינאָלאָגיע איז פאר אונדז א סוביעקטיווער אידעאליסט, פאר וועלכנ די אויסערלעכע וועלט, די נאטור, אירע געזעצנ—דאָס אלעס איז סימבאָלנ פונ אונדזער דערקענטעניש“ (כ׳ לענינ, ב. 13, ז. 137).

אפ דעמ זעלביקנ אויפנ דעמאסקירט לענינ באָגדאנאָוונ, וועלכער פארשטייט אויכ די אורזאכלעכקייַט אונ געזעצמעסיקייַט אפ סוביעקטיוו־אידעאליסטישנ אויפנ, ווענ ער באגרינדעט זי מיט זייַנ „דערפארונג“—באגריפ. ווענ מיר זאָגנ, אז איינ דערשייַנונג איז די סיבע פונ דער צווייטער, באטייַט דאָס, לויט באָגדאנאָוונ אונ זייַנע אָנהענגער, אז די מענטשלעכע „דערפארונג“ באנעמט „איינדייַטיק“ די פארהעלטעניש צווישנ דערשייַנונגענ. אינ דעמ האָט באָגדאנאָוו געפונענ די באגרינדונג פונעמ „עמפיריאָמאָניזמ“, ד.ה. פונ דער איינהייַטלעכקייַט פונ דער מענטשלעכער דערפארונג. לענינ ציטירט באָגדאנאָווס דערקלערונג וועגנ דעמ, אז „דער עמפיריאָמאָניזמ איז מעגלעכ דערפאר בלויז, וואָס די דערקענטעניש הארמאָניזירט די דערפארונג, באזייַטנדיק אירע אָנצאָליקע ווידערשפרוכנ, באשאפנדיק פאר איר די אלגעמיינע אָרגאניזירנדיקע פאָרמענ, פארבייַטנדיק די אורשפרינגלעכע כאאָטישע וועלט פונ עלעמענטנ דורכ דער ארויסגעבראכטער וועלט פונ פארהעלטענישנ“. „דאָס איז ניט ריכטיק“—ווידערזעצט לענינ.—„די אידיי, אז די דערקענטעניש, קלוימערשט, קאָנ „שאפנ“ אלגעמיינע פאָרמענ, פארבייַטנ דעמ אורשפרינגלעכנ כאאָס דורכ

אָרזענונג אונ ד. ג. איז אַנ אידײ פונ דער אידעאליסטישער פילאָסאָפיע. די וועלט איז די געזעצמעסיקע באַוועגונג פונ דער מאטעריע אונ אונדזער דערקענטעניש, זײַענדיק דער העכסטער פראָדוקט פונ דער נאטור, איז בעיִכוילעס בלויז אָפּשפּיגלענ „די נאטור" (לענינס קורסיוו „מאט. אונ עמפּ." ב. 13, ז. 138).

## ג) די דערפארונג אונ די פּראָבלעמ וועגנ קריטעריומ פונ עמעס

אינ ענגסטנ צוזאמענהאנג מיט זײַנ קאמפ קעגנ דעמ אידעאליסטישנ באַנעמענ די דערפארונג פירט לענינ דעמ קאמפ אינ דער פּראָבלעמ וועגנ אָביעקטיווע, אבסאָליוטנ אונ רעליאטיווע (פארהעלטניסמעסיקנ) עמעס.

דער רעליאטיוויזמ, דה. די אָנשויונג, אַז אונדזער דערקענטעניש איז בלויז פארהעלטניסמעסיק, איז שטארק פאנאנדערגעשפּרייט געוואָרנ אינ דער נאטורוויסנשאפט פונ 19־טנ יאָרהונדערט אונ איז, ווי מיר האָבנ געזענ אויבנ, איינע פונ די סיבעס פונעמ קריזיס אינ דער נאטורוויסנשאפט. לענינ באַווײַזט, ווי אָט דער אבסאָליוטער רעלאטיוויזמ פירט צו אידעאליזמ אונ פארקערט, דאָס ניט קענענ פאנאנדערשײדנ צווישנ אָביעקטיווע אונ רעליאטיווע עמעס ליגט אינ יעסאָד פונ די פארשײדענע אידעאליסטישע אונ אגנאָסטישע סימבאָלנ־טעאָריִעס.

לעניִנ באַווײַזט דערבײַ וויִאזוי ענגעלס לײזט אָט די פראגע וועגנ אַבסאָליוטנ אונ רעאטיווע עמעס.

„דאָס מענטשלעכע דענקענ איז לויט זײַנ נאטור מעסוגל צו געבנ אונ גיט אונדז דעמ אבסאָליוטנ עמעס, וועלכער ווערט צונויפגעשטעלט פונ דער סומע רעלאטיווע עמעסנ. יעדע שטופע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער וויסנשאפט לײגט צו נײַע קערנער צו אָט דער סומע פונ אבסאָליוטנ עמעס, אָבער די גרענעצנ פונ עמעס אינ יעדער וויסנשאפטלעכער האַנאָכע זײַנענ פארהעלטניסמעסיק, ווערנדיק פארברײטערט אָדער פארשמעלערט אדאנק דעמ וווּקס פונ דעמ וויסנ" (כ' לעניִנ, ב. 13. ז. 110).

אָט די פּרינציפּנ פונ אָביעקטיווע, רעלאטיווע אונ אבסאָליוטנ עמעס פירט דורכ לעניִנ אינ גאנצנ בוכ זײַנעמ. דער קריטעריִ אינ אָט די באַגריפנ איז אויכ דער, וועלכנ לעניִנ פירט דורכ אינ אלע אנדערע שטעלנ פונ זײַנ בוכ: מאטעריִאליזמ אָדער אידעאליזמ. אזוי, למאָשל, דערקלערט לעניִנ, אַז „העלמהאָלצ שטעלט זיכ ניט פאָר קלאָר די פארהעלטעניש צווישנ אבסאָליוטנ אונ פארהעלטניסמעסיקנ עמעס"... בײַס העלמהאָלצ רעדט וועגנ דעמ, אַז „די עמפּינדונגענ, פאָרשטעלונגענ אונ אידײענ זײַנענ א רעזולטאט פונ דער ווירקונג פונ די דרויסנדיקע קעגנשטאנדנ אפ אונדזער נערוונ־סיסטעמ אונ אפ אונדזער באַוווסטזײַנ" איז ער א מאטעריִאליסט, ד. ה. אַז ער אנערקענט דעמ אָביעקטיווע עמעס. אָבער ווענ ער שרײַבט, אַז די פאָרשטעלונגענ, וואָס מיר בילדנ זיכ אויס וועגנ די זאכנ, קאָנענ ניט זײַנ עפּעס וואָס אנדערש אויסער סימבאָלנ, נאטירלעכע פארצײַכענונגענ פאר אָביעקטנ, מיט וועלכע מיר לערנענ זיכ אויס באַנוצנ, קעדײ רעגולירנ אונדזערע באַוועגונגענ אונ אונדזערע ווירקונגענ־לײקנט ער די אָביעקטיווקײַט פונ דער וועלט, קײַקלט ער זיכ דאָ צומ סוביעקטיוויזמ, צו דער לײקענונג פונ דער אָביעקטיווער רעאלקײַט אונ פונ אָביעקטיווע עמעס" (כ' לעניִנ, ב. 13, ז. 191).

אינ יעסאָד פונ מארקס, ענגעלסעס אונ לעניִנס טעאָריע וועגנ אָביעקטיווע, אבסאָליוטנ אונ רעלאטיווע עמעס ליגט די האנאָכע פונ דיִאלעקטישנ מאטעריִאליזמ, אַז די פּראַקטיק

(אינ איר ברייטנ, סאָציאַלנ זינ) איז דער קריטעריומ פונ אָביעקטיווג עמעס. אינ דער פּראַקטיק ווערט דערוויזנ סײַ די אבסאָליוטקײַט פונ דעמ, אַז די וועלט איז אָביעקטיוו אונ עקזיסטירט אויסערנ מענטש, סײַ די עלעמענטנ פונ פאַרהעלטניסמעסיקײַט פונ דער דער־קענטעניש לויט דער היסטאָרישער שטופע פונ איר אנטוויקלונג.

„דער שטאַנדפּונקט פונ לעבנ, פונ דער פּראַקטיק מוז זײַנ דער ערשטער אונ גרונט־לעכער שטאַנדפּונקט פונ דער דערקענטעניש־טעאָריע, עס מוז אָפּגעוואָרפנ ווערנ פונ שוועל די אומענדלעכע אויסטראַכטענישנ פונ דער פּראָפעסאָרישער סכאָלאַסטיק" אינ אָט דעמ הינזיכט. (לענינ, ב. 13, ז. 116).

אַלזאָ:

אויכ אינ דעמ פּלאַנטער, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוויזיאָניסטנ — די מאַכיסטנ, בײַ־קאַנטיאַנער — האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ דער אַזויגערופענער „דערפאַרונג"־פּראָבלעמ, פירט לענינ דעמ קאַמפּ קעגנ די פאַרשיידנערליי שאַטירונגענ פונ אידעאַליזמ, באַווײַזנדיק, ווי סאָפקאָלסאָפּ פאַלנ זיי אַלע ארײַנ אינ סוביעקטיווג אידעאַליזמ. דערבײַ אנטוויקלט לענינ די מאַרקסיסטישע אַנשויונג וועגנ „דערפאַרונג" אַלס היסטאָרישנ פּראָצעס, וואָס איז די „אָפּשפּיגלונג" פונ דער אָביעקטיווער וועלט אינ דער מענטשלעכער פּראַקטיק. לענינ שטרײַכט אונטער, אַז די „דערפאַרונג פאַלט ניט צונויפ מיט דער ארומיקער וועלט, וואָס עקזיסטירט אויסער אונ פאַר דעמ מענטשנ. (לענינ אנטפּלעקט באַזאַראָווס פעלער אינ דעמ פּראַט, ווענ ער באַהויפּטעט, אַז ענגעלס האָט, קלוימערשט, געהאַלטנ, אַז די דערפאַרונג „פאַלט צונויפ" מיט דעמ אָביעקטיוונ). די דערפאַרונג איז אָבער ניט קיינ „סימ־באָל", „קיינ צייכנ", וואָס קאָנענ זײַנ פרײַ אונ אומאָפּהענגיק פונ דער אָביעקטיווער וועלט.

לענינ באַשטרײַט ניט נאָר יושקעוויטשעס „עמפּיריאָסימבאָליזמ", נאָר אויכ די „סימ־באָלנ־טעאָריע" פונ אַזא נאַטור־פאָרשער ווי העלמהאָלצ אונ פּלעכאַנאָווס פעלערנ, וועלכער באַזוערט איבער העלמהאָלצעס טעאָריע, וואָס איז אינ דער רוסישער נאַטור־וויסנשאַפט ארײַנ־געפירט געוואָרנ מיצאַד דעמ באַרימטנ פילאָסאָפ סעטשענאָוו אינ זײַנ טעאָריע פונ „יעראָגליפנ": ארויסטרעטנדיק קעגנ דעמ „יעראָגליפיזמ" פונ פּלעכענאָוונ, פאַרטיידיקט לענינ דאַפקע די „אָפּשפּיגלונג" דאָס „בילד" — אַלס דעמ אויפנ וויאַזוי דאָס באַוווּסטזײַנ געפינט זיכ אינ צו־זאַמענהאַנג מיט דער אָביעקטיווער וועלט, בלויז אָט די „אָפּשפּיגלונג"־טעאָריע, וואָס שטעלט אײַנ די מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישע לייזונג פונ דער פאַרהעלטעניש צווישנ סוביעקט אונ אָביעקט, קאָנ דערקלערנ די דערקענטעניש אַלס היסטאָרישנ אונ לאָגישנ פּראָצעס.

6

# לענינ קעגנ מאַכיזמ אינעמ היסטאָרישנ מאַטעריאַליזמ

צוזאַמענ מיטנ קאַמפּ אינ די פראַגנ פונ גנאָסעאָלאָגיע, וואָס שטייענ „פונ אונטנ" — לויט דער פאָרמולירונג פונ ענגעלסנ — פירט לענינ דעמ קאַמפּ קעגנ די פאַרקריפּלונגענ פונ דער מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישער גנאָסעאָלאָגיע אינ די פראַגנ, וואָס שטייענ „פונ אויבנ". לענינ אנטוויקלט אינעמ „מאַטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ" מאַרקס אונ ענגעלסעס גנאָסעאָלאָגישע אַנשויונגענ אויכ אינ דער אָנווענדונג צומ היסטאָרישנ מאַטעריאַליזמ, אנט־פּלעקנדיק אויכ דאָ דעמ אידעאַליסטישנ מעהוס אונ טאָכ פונ דער „באָגדאַנאָוושטשינע".

קאָנקרעט האַנדלט זיכ וועגנ דער פאַרהעלטעניש צווישנ געזעלשאַפטלעכנ זײַנ אונ געזעלשאַפטלעכנ באַוווּסטזײַנ.

אינ העסקעמ מיט זײַנ „דערפארונג־טעאָריע" אנטוויקלט באָגדאנאָוו דעמ געדאנק, אז „דאָס געזעלשאפטלעכע זײַנ אונ דאָס געזעלשאפטלעכע באוווסטזײַנ אינ פינקטלעכנ זינ פונ אָט די ווערטער זײַנענ איינס אונ דאָס זעלביקע" (לענינ, ב. 8, ז. 264).

לענינ דעמאסקירט די רעאקציאָנערקײַט פונ אזא מינ אידענטיפיצירנ (פאָרשטעלנ אלס־איינס אונ דאָס זעלביקע) דאָס געזעלשאפטלעכע זײַנ אונ דאָס געזעלשאפטלעכע באוווסטזײַנ.

„דאָס געזעלשאפטלעכע זײַנ אונ דאָס געזעלשאפטלעכע באוווסטזײַנ זײַנענ ניט איינס אונ דאָס זעלביקע—פונקט אזוי, ווי עס איז ניט איינס אונ דאָס זעלביקע דאָס זײַנ ביקלאל אונ דאָס באוווסטזײַנ ביקלאל", קומענדיק אינ פארקער, האָבנ ניט די מענטשנ פונ אלע וויפל ניט איז קאָמפליצירטע געזעלשאפטלעכע פאָרמאציעס—אונ באזונדערס פונ קאפיטאליזמ—דעמ באוווסטזײַנ וועגנ דעמ, וועלכע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ עס ווערנ דערבײַ געשאפנ, לויט וועלכע געזעצנ אנטוויקלענ זיי זיכ א.א.וו. לעמאָשל, דער פויער, פארקויפנדיק ברויט, קומט אינ א „פארקער" מיט די וועלט־פראָדוצירער פונ ברויט אפנ אלוועלטלעכנ מארק, נאָר ער האָט ניט דעמ באוווסטזײַנ וועגנ דעמ, ער האָט ניט דעמ באוווסטזײַנ אויכ פונ דעמ, וועלכע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ עס ווערנ געשאפנ פונ אומבײַט. דאָס געזעלשאפטלעכע באוווסטזײַנ שפיגלט אָפ דאָס געזעלשאפטלעכע זײַנ—אָט אינ וואָס עס באשטייט מארקס לערע. די אָפשפיגלונג קאָנ זײַנ א ריכטיקע, א נאָענט־שטייענדיקע קאָפיע פונ דעמ, וואָס ווערט אָפגעשפיגלט. אָבער ריידנ דאָ וועגנ איינ אונ דערזעלביקײַט איז אומגעלומפערט. דאָס באוווסטזײַנ ביקלאל שפיגלט אָפ דאָס זײַנ—אָט דאָס איז די אלגעמיינע האנאָכע פונ גאנצנ מאטעריאליזמ. ניט זענ איר דירעקטנ אונ ניט־צעטיילבארנ צוזאמענהאנג מיט דער האנאָכע פונ היסטאָרישנ מאטעריאליזמ: דאָס געזעלשאפטלעכע באוווסטזײַנ שפיגלט אָפ דאָס געזעלשאפטלעכע זײַנ,—איז ניט מעגלעכ" (לענינ, ב. 8, ז. 264). (לענינס קורסיוו—ש. פ.).

מיט דער פארטיידיקונג פונ דער מאטעריאליסטיש־דיאלעקטישער גנאָסעאָלאָגיע אינ די פראגנ פונ געזעלשאפטלעכנ זײַנ אונ געזעלשאפטלעכנ באוווסטזײַנ שטרײַכט אונטער לענינ די איינהײַטלעכקײַט פונ דעמ מארקסיזמ, אלס פראָלעטארישע וועלטאָנשויונג: „אינ אָט דער פילאָסאָפיע פונ מארקסיזמ, וואָס איז אויסגעגאָסנ פונ איינ שטיק, קאָנ מענ ניט ארויסנעמענ קיינ איינ גרונט־האנאָכע, קיינ איינ וועזנטלעכנ טייל, ניט אָפטרעטנדיק פונ אָביעקטיוונ עמעס, ניט ארײַנפאלנדיק אינ די אָרעמס פונ בורזשואז־רעאקציאָנערנ ליגנ" (לענינ, ב. 8, ז. 267).

די איינהײַטלעכקײַט פונ מארקסיזמ פאָדערט אָבער, אז עס זאָל ניט פארשמירט ווערנ די ספעציפישקײַט אונ די פארשיידנארטיקע געזעצמעסיקײַט אינ דער נאטור אונ אינעמ לעבנ פונ דער מענטשלעכער געזעלשאפט. לענינ באקעמפט באָגדאנאָווס ביאָלאָגאָזאטאָרישע טענדענצ אינעמ דערקלערנ די געזעלשאפטלעכע פראָצעסנ—טענדענצנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ באָגדאנאָווס „דערפארונג"־פילאָסאָפיע.

„באָגדאנאָוו פארנעמט זיכ קלאל ניט, שרײַבט לענינ, מיט מארקסיסטישער פאָרשונג, נאָר מיט איבערטאָנ די רעזולטאטנ, וואָס זײַנענ ארויסבאקומענ געוואָרנ שוינ פריער דורכ אָט דער פאָרשונג, אינ א קלייד פונ ביאָלאָגישער אונ ענערגעטישער טערמינאָלאָגיע. אָט דער פרווו טויג אפ גאָרניט פונ אָנהויב ביזנ סאָפ, ווײַל אָנווענדנ די באגריפנ „צוקלײַב", „אסימיליאציע אונ דעזאסימיליאציע" אינ געביט פונ די געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטנ איז א פוסטע פראזע. קיינ שומ פאָרשונג פונ געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ, קיינ שומ

דערקלערונג פון מעטאָד פון די געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן איז אומעגלעך צו געבן מיט דער הילף פון אָט די באַגריפן. עס איז ניטאָ קיין לייַכטערס ווו אָנקלעפּן אַן „ענערגעטישע“ אָדער „ביִאָלאָגיש־סאָציִאָלאָגישע“ עטיקעטקע אַף דערשייַנונגען ווי קריזיסן, רעוואָליוציעס, קלאַסנקאַמפּ. אאַוו. אָבער עס איז ניטאָ קיין מער פּרוכטלאָזע, קיין מער סכאָלאַסטישע, קיין מער טויטע, ווי אַזאַ מין באַשעפטיקונג“ (לענין, ב. 9, ז. 269).

די ביִאָלאָגאָזירונג פון געזעלשאַפטלעכע דערשייַנונגען איז די אַלגעמיינע טענדענץ פון דער בורזשואַזער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע. באָגדאַנאָוו איז אויך אין דעם פּראַט, אַלזאָ, ניט אָריגינעל—ער כאַזערט איבער דאָס, וואָס עס שרייַבן די בורזשואַזע עמפּיריִאָקריטיקער. איינער פון אוועניריוסעס שילער בלעי איז אַרויסגעטראָטן קעגן מאַרקס עקאָנאָמישער לערע מיט אַגעוו אַזוינע האַנאָכעס, אַז „זי איז ניט־ביִאָלאָגיש“, אַז זי האָט ניט צו טאָן מיט די „ביִאָלאָגישע טערמינעס, וואָס בילדעט די וויסנשאַפט“, דערבייַ ווערט די וויסנשאַפט פאַרשטאַנען אַלס „וויסנשאַפט פון דעם רעאַקציִאָנערן פּראָפעסאָר אַוועניריוס“. לענין באַמערקט דערבייַ: „בלעיס ראיע איז אַ ריכטיקע פון שטאַנדפּונקט פון מאַכיזם, וואָרעם דער אָפּגרונט צווישן מאַרקס טעאָריע און די ביִאָלאָגישע שפּילצייַכנס פון אַוועניריוסן וואַרפט זיך גלייַך אין די אויגן. מיר וועלן באַלד זען, ווי די רוסישע מאַכיסטן, וועלנדיק זייַן מאַרקסיסטן, גייען אין דער ווירקלעכקייַט נאָך בלעיס געענג“. („מאַט. און עמפּ.“, ב. 13).

צוזאַמען מיט אָט די ביִאָלאָגיזירונג־טענדענצן, וואָס די רוסלענדישע מאַכיסטן האָבן איבערגענומען באַם מאַכיזם אַלס רעאַקציִאָנער־פילאָסאָפישע שטרעמונג, האָבן זיי אויך איבערגענומען די קלוימערשטע אומפּאַרטייִשקייַט, וועלכע דער מאַכיזם האָט אויפגעהויבן אַף זייַן פאָן. בלעי וואַרפט אויף מאַרקסן זייַן פּאַרטייִשקייַט. לענין באַמערקט דערבייַ: „דער גאַנצער עמפּיריִאָקריטיציזם, און ניט נאָר בלעי בלויז, פּרעטענדירט אַף אומפּאַרטייִשקייַט אי אין דער פילאָסאָפיע, אי אין דער געזעלשאַפטלעכער וויסנשאַפט. ניט סאָציִאַליזם, נים ליבעראַליזם, ניט פאַנאַנדערגרענעצן די גרונט־ריכטונגען אין דער פילאָסאָפיע פון מאַטעריִאַליזם און אידעאַליזם, צווישן וועלכע מע קאָן ניט שליסן פרידן, נאָר די שטרעבונג זיך אויפהייבן העכער פון זיי. מיר האָבן נאָכגעשפּירט אָט די טענדענץ פון מאַכיזם אַף אַ לאַנגע רייי פראַגן פון גנאָסעאָלאָגיע און מיר האָבן קיין רעכט זיך ניט וווּנדערן, באַגעגנענדיק זי אין סאָציִאָלאָגיע“ („מאַט. און עמפּ.“ ב. 13). און אַ ספּעציִעלן קאַפּיטל ווידמעט לענין דער פראַגע וועגן פּאַרטייִשקייַט אין דער פילאָסאָפיע און וועגן די פילאָסאָפישע שמאַלעקעפּ פון די רוסלענדישע מאַכיסטן, וואָס זייַנען ניט קריטיש צוגעגאַנגען צום גאַנצן מאַכיזם, צו דער בורזשואַזער פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט ביקלאַל און זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין די אָרעמס פון דער בורזשואַזער רעאַקציע. לענין דערווייַזט, אַז „מאַרקס און ענגעלס זייַנען פון אָנהייב ביז סאָף געווען פּאַרטייִש אין דער פילאָסאָפיע, זיי האָבן געקענט אַנטדעקן די אָפּנויגן פון מאַטעריִאַליזם און די האַנאָכעלעך דעם אידעאַליזם און פידעיִזם און אַלע און אַלערליי „נייַסטע“ „ריכטונגען“ („מאַט. און עמפּ.“ ב. 277). לענין דערווייַזט, אַז „מאַרקס און ענגעלסעס גענִיאַלישקייַט באַשטייט דאַפקע אין דעם, וואָס אין משך פון אַ זייער לאַנגן פּעריִאָד, קימאַט פון אַ העלפט יאָרהונדערט האָבן זיי אַנטוויקלט דעם מאַטעריִאַליזם, האָבן זיי געריקט פאָרויס איין גרונט־ריכטונג אין דער פילאָסאָפיע, האָבן ניט פאַרנומען זיך מיטן איבערכאַזערן שוין געלייזטע גנאָסעאָלאָגישע פראַגן, נאָר זיי האָבן דורכגעפירט קאָנסעקווענט,—האָבן באַוויזן ווי אַזוי מע דאַרף דורכפירן דעם זעלביקן מאַטעריִאַליזם אין געביט פון געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן, זיי האָבן אומבאַראַכמאָנעסדיק אַוועקגעשלייַדערט ווי מיסט, אומגעלומפּערטקייַטן, ווי אויפגעבלאָזענע

פרעטענציעזע גאלימאטיע די אָנצאָליקע פרוּוונ „אנטדעקנ" א „נײַע" ריכטונג א. א. וו. דעמ וואָרט־כאראקטער פונ אזוינע פרוּוונ, די סכאָלאסטישע שפּילערײַ אינ נײַע פילאָסאָפישע „איזמענ", דאָס פארמיסטיקנ דעמ טאָכ פונ דער פראגע מיט פארדרייטע בקירעס, די אומפייִקייַט צו פארשטיינ אונ קלאָר פאָרצושטעלנ דעמ קאמפ פונ די צוויי גרונטלעכע גנאָסעאָלאָגישע ריכטונגענ, אָט וואָס עס האָבנ פארפאָלגט, האָבנ געיאָגט מארקס אונ ענגעלס אינ מעשעכ פונ זייער גאנצער טעטיקייַט" („מאט אונ עמפּ.". ב. 13, ז. 275. דער קורסיוו אומעטומ לעניִנס—ש. פ.). לענינ פארטיידיקט די פארטייִשקייַט פונ מארקסיזמ, אנטוויקלענדיק דערבייַ די פראגע וועגנ דער פארהעלטעניש פונ מארקסיזמ צו די דערגרייכונגענ פונ דער בורזשואזער וויסנשאפט. די פארטייִשקייַט באשטייט אינ דעמ, וואָס די מארקסיסטנ דארפנ „איבערנעמענ אונ איבערבארבעטנ די דעראָבערונגענ", וואָס עס מאכנ די געלערנטע „אָנגעשטעלטע פונ דער בורזשואזיע" אונ קאָנענ אָפּהאקנ זייער רעאקציאָנערע טענדענצ, קאָנענ פירנ די א יי ג ע נ ע ליניע אונ קעמפנ מיט דער גאנצער ליניע פונ די קרעפטנ אונ קלאסנ, וואָס זייַנענ אונדז פייַנטלעכ. אָט דאָס טאקע האָבנ ניט באוויזנ אונדזערע מאכיסטנ, וואָס פאָלגנ נאָכ ווי ק נ ע כ ט נאָכ דער רעאקציאָנערער פילאָסאָפיע" („מאט. אונ עמפּ." ב. 13, ז. 280).

אז דער קאמפ אינ דער פילאָסאָפיע אונ אינ דער וויסנשאפט צווישנ מאטעריאַליזמ אונ אידעאליזמ איז אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיטנ קלאסנקאמפ, באווייַזט לענינ אינ א ספּעציעלנ קאפיטל, געווידמעט דעמ גוירל פונ גרויסנ דארוויניסט ערנסט העקעל, וועלכנ די בורזשואזע פילאָסאָפנ אונ וויסנשאפלער האָבנ פארפאָלגט, קעגנ וועלכנ עס איז ארויסגעטראָטנ מיט דראָונגענ דער קאטאָליציזמ אונ קעגנ וועלכנ עס זייַנענ מאָביליזירט געוואָרנ אלע שווארצע קויכעס דערפאר, וואָס אינ זייַנ בראָשור „די וועלט־רעטענישנ" האָט מענ אנטדעקט אנ אָנגריפ אפ דער רעליגיע. לענינ פירט אונטער א סאכאקל פונ אָט די אלע מאָמענטנ, וואָס כאראקטעריזירנ דעמ עמפּיריאָקריטיציזמ אונ שטרייַכט אונטער: „די אָביעקטיווע קלאסעווע ראָל פונ עמפּיריאָקריטיציזמ באשטייט פולשטענדיק אינ דעמ, וואָס ער דינט דעמ פידעיִזמ (דער רעליגיע—ש. פ.), וואָס ער קעמפט קעגנ מאטעריאַליזמ ביכלאל אונ קעגנ היסטאָרישנ מאטעריאַליזמ ביפראט" („מאט אונ עמפּ." ז. 291).

## 7

# דער „מאטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ" אונ די „פילאָסאָפישע העפטנ"

דער „מאטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ" איז געווענ אנ עפּאָכע מאכנדיק ווערק. די עפּאָכיאלישקייַט פונ אָט דעמ ווערק ווערט מיט א באזונדער בוילעטקייַט אונ שארפקייַט קלאָר אינ אונדזער צייַט אונ די באדייַטונג פונ לענינס „מאטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ" ווערט פארברייטערט אונ פארטיפערט אינ צוזאמענהאנג מיט לענינס ארבעטנ אינ געביט פונ פילאָסאָפיע, וואָס זייַנענ דערשינענ ערשט נאָכ זייַנ טויט, אונ וואָס זייַנענ דערשינענ אינ דער זאמלונג „פילאָסאָפישע העפטנ".

די „פילאָסאָפישע העפטנ" שטעלנ מיט זיכ פאָר א צוגרייטונג־ארבעט, ווייַזט אויס, צו א ווערק וועגנ דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. איבער די פראָבלעמענ וועגנ דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אלס מעטאָדאָלאָגיע פונ מארקסיזמ האָט לענינ ספּעציעל

ג׳עארבעט נאָכן דערשײַנען פון „מאטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם" ערעוו דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע. אינ א רײ ארטיקלען („קארל מארקס", „דרײַ קוואלנ און דרײַ באשטאנד־טײלן פונ מארקסיזם" אא.) פונ די יאָרנ 1910־1914 געפינען מיר לויטנ כאראקטער פונ די פאָרמולירונגען אנ אָפּקלאנג פונ אָט די ארבעטן, וואָס זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן אינ די „פילאָסאָפישע העפטן".

די הויפּט־פּראָבלעם פונ די „פילאָסאָפישע העפטן" איז די זעלביקע, וואָס אינעם „מאטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם", אָבער דאָ זײַנען פאראנ נײַע אספּעקטנ און נײַע צוזאמענהאנגען פונ אָט דער פּראָבלעם, וועלכע זײַנען פריִער ניט געשטעלט געוואָרן אזוי ברײט. צו זײ געהער קוידעמקאָל די פראגע וועגן דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אלס פילאָסאָפישע וויסנשאפט. די וויכטיקײַט פונ דער פראגע שטרײַכט אונטער לענינ גופע אינ א באמערקונג, אז „פּלעכאנאָוו האָט אָנגעשריבנ וועגנ דער פילאָסאָפיע (וועגנ דער דיאַלעקטיק) ביז 1000 זײַטנ און גאָרניט וועגנ דער „דיאַלעקטיק אלס פילאָסאָפישע וויסנשאפט" („פילאָסאָפישע העפטנ" ז. 203). און אינ פיל אנדערע שטעלנ פירט דורכ לענינ אינ די „פילאָסאָפישע העפטנ דעם געדאנק, אז די דיאַלעקטיק איז די וויסנשאפט פונ דער דערקענטעניש, וואָס איר טאָכ איז די „צעצווייונג פונ אײנהײַטלעכנ און די דערקענטעניש פונ זײַנע ווידערשפּרעכלעכע טײלנ". די גאנצע געשיכטע פונ דער וויסנשאפט (פונ אלע אירע קאָנקרעטע טײלנ) באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ אָט דעם טאָכ פונ דער דיאַלעקטיק, וואָס איז דער געזעץ פונ דער דערקענטעניש און פונ דער אָביעקטיווער וועלט", שטרײַכט אונטער לענינ.

לענינ ארבעט פאנאנדער קאָנקרעט, קאָנספּעקטירנדיק העגעלס לאָגיק, לײענענדיק זי מאטעריאַליסטיש די קאטעגאָריעס און די געזעצנ פונ דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. אינ דער ארבעט איבער דער געשיכטע פונ פילאָסאָפיע און איבער דער דיאַלעקטיק קומט לענינ צום אויספיר, אז די דערקענטעניש־טעאָריע און די דיאַלעקטיק און לאָגיק באדײַטנ אײנס און דאָס זעלביקע. לענינ רײַסט דאָ פאנאנדער די טראדיציע, וואָס די בורזשואזע פילאָסאָפיע האָט אײַנגעשטעלט, אז קלוימערשט די גנאָסעאָלאָגיע איז א באזונדערער פילאָסאָפישער געביט און די לאָגיק א באזונדערע וויסנשאפט, א „נײטראלע" אנ אומפּארטײיִשע, וואָס איז אומאָפּהענגיק פונ דער גנאָסעאָלאָגיע. לענינ דעמאסקירט דעם בורזשואזנ טאָכ פונ אזא צוגאנג צו גנאָסעאָלאָגיע און לאָגיק.

די „פילאָסאָפישע העפטנ" גיבנ אָנשפּאר־פּונקטנ פאר מאטעריאַליסטישנ פארשטײן די געשיכטע פונ דער פילאָסאָפיע, פאר שאפנ בעעמעס א מאטעריאַליסטישע געשיכטע פונ דער פילאָסאָפיע. די „פילאָסאָפישע העפטנ" בארײַכערנ אונדז מיט די קאָנקרעטע פילאָסאָפישע קאטעגאָריעס, וואָס זײַנען אויסגעארבעט געוואָרן אינ מעשעכ פונ דער לאנגער געשיכטע פונ פילאָסאָפיע און וואָס ווערנ אפּ א ווונדערבארנ אויפנ מאטעריאַליסטיש דערקלערט און אנטפּלעקט דורכ לענינען.

אָט פארוואָס די „פילאָסאָפישע העפטנ" האָבנ אזא גרויסע באדײַטונג פאר דער אנטוויקלונג פונ דער מארקסיסטישער פילאָסאָפיע,—צוזאמענ מיטנ „מאטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם" בילדנ זײ די זײַלנ פאר דעם, וואָס מיר באצייכענען אלס לענינישנ עטאפּ אינ דער מארקסיסטישער פילאָסאָפיע. צום באדויערנ, מוזנ מיר זיכ באגרענעצנ בלויז מיט אָט דער אלגעמײנער—זײער אלגעמײנער כאראקטעריסטיק—פונ די „פילאָסאָפישע העפטנ". זײ מוז געווידמעט ווערנ א באזונדער ארטיקל, וואָס דארפ באווײַזנ אינ וואָס עס באשטײט לענינס בײַטראָג אינ דער דיאַלעקטיק אלס פילאָסאָפישע וויסנשאפט.

## דער „מאטעריאַליזמ אונ עמפירִאָקריטיציזמ" אונ דער פארטיי־קאמפ

לענינס קאמפ אינ דער פילאָסאָפיע איז געווענ ענג פארבונדנ מיטנ פארטיי־קאמפ. די מענשעוויקעס האָבנ אופגענומענ דעמ „מאטעריאַליזמ אונ עמפירִאָקריטיציזמ" מיט שוימ אפ די ליפנ. באזונדערס האָט זיכ געסטארעט צו פארמינערנ די באדײַטונג פונ דעמ בוכ פלעכאנאָווס אָנהענגערנ אונ שילערנ אינ דער פילאָסאָפיע—ל. אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס. ניט קענענדיק פארקלענערנ אלס פאָזיטיווּנ מאָמענט דעמ „לעבעדיקנ, פרישנ, מונטערנ, רעוואָליוציאָנערנ טאָנ" פונ דעמ בוכ, שרײַבט אקסעלראָד אינ א רעצענזיע וועגנ „מאטעריאַליזמ אונ עמפירִאָקריטיציזמ", אז אדאנק אָט דער אייגנשאפט פונ בוכ, ווי אויכ אדאנק, אייניקע שארפזיניקע אונ טרעפלעכע באמערקונגענ" אונ דער „הייסער אונ לײַדנשאפטלעכער פארטיידיקונג פונ עמעס" דארפ מענ רעקאָמענדירנ אָט דעמ בוכ דעמ לייענער, „ווײַל אפ דער ווײַסער וועלט איז פאראנ פיל ביכער, וואָס האָבנ א גרויסנ דערפאָלג אונ באזיצנ ניט אזוינע אייגנשאפטנ". וואָס איז שײַעכ דעמ טאָכ פונעמ בוכ פארטיידיקט אקסעלראָד אינ אָט דער רעצענזיע פלעכאנאָווס יעראָגליפנ־טעאָריע. זי דערקלערט, אז לענינ האָט קיינ שומ נײַעס מיט זײַנ בוכ ניט אנטדעקט, זי באשולדיקט לענינענ, אז בא אימ איז ניטאָ „די בויגעוודיקײַט פונ פילאָסאָפישנ דענקענ, די פינקטלעכקײַט פונ פילאָסאָפישע באשטימונגענ, ניט קיינ טיפער פארשטאנד פונ פילאָסאָפישע פראָבלעמענ". זי זעט אינעמ „מאטעריאַליזמ" ניט מער פונ עקלעקטיש צונויפגעקלעפטע ציטאטנ. (אקסעלראָדס רעצענזיע איז געבראכט געוואָרנ אינ דער בײַלאגע צומ „מאט. אונ עמפירִאָקריטיציזמ"), אנדערע מענשעוויקעס האָבנ דעמ „מאטעריאַליזמ אונ עמפירִאָקריטיציזמ" געשטעלט נידעריקער פונ אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס ביכל „פילאָסאָפישע עטיודנ", די דאָזיקע מענשעוויסטישע אופנעמונג פונעמ „מאטעריאַליזמ אונ עמפירִאָקריטיציזמ" האָט געהאט א באשטימטע פארטײַישע טענדענצ, וועלכע עס האָבנ געפירט די מענשעוויקעס, דערינ באזונדערס דעבאָרינ, דער אנדערער פילאָסאָפישער שילער פונ פלעכאנאָוונ. זיי האָבנ געפרוּווט צו באווײַזנ, אז דער באָלשעוויזמ האָט זײַנ פילאָסאָפישע באגרינדונג אינעמ מאכיזמ. דעבאָרינ האָט וועגנ דעמ אָפנ געשריבנ לענינ האָט אינ א באמערקונג וועגנ פלעכאנאָווס ארויסטרעטונג קעגנ מאכיזמ געשריבנ „פלעכאנאָוו האָט אינ זײַנע באמערקונגענ קעגנ מאכיזמ ניט גערײַגעט אזוי פיל אָפלייקענע מאכנ ווי דערלאנגענ פראקציאָנערנ שאָדנ דעמ באָלשעוויזמ" („מאט. אונ עמפ.", ב. 13, ז. 290).

אָט די לעגענדע וועגנ דעמ, אז די באָלשעוויקעס שטיצנ די מאכיסטנ, פארטיידיקנ זייער פילאָסאָפיע איז געווענ איינער פונ די מענשעוויסטישע בילבולימ. כאראקטעריסטיש איז אינ דעמ פראט, וואָס די דעמלטיקע מיטגלידער פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס, וואָס האָבנ פארנומענ שאָלעמאכערישע פאָזיציעס אינ די פראגנ פונ פארטיי־קאמפ, האָבנ געשפילט א צווייפענעמדיקע ראָל אויכ אינ די פראגנ וועגנ קאמפ אינ פילאָסאָפישנ געביט. קאמענעוו האָט אינ א בריוו צו באָגדאנאָוונ דערקלערט, אז ער שטיצט זײַנ פילאָסאָפיע, ניט האָבנדיק די האָזע ארויסצוזאָגנ דאָס לענינענ אונ פירנדיק אינ דעמ פראט א צווייפענעמדיקע ליניע, (זע קאמענעווס בריוו צו באָגדאנאָוונ—„פאָד זנאמעניעמ מארקסיזמא" נומ. 10, 1932).

די ניט־דערשאצונג פונ לענינס פילאָסאָפישנ קאמפ, פונ לענינענ אלס טעאָרעטיקער בײַקלאל האָבנ פאָרגעזעצט אי דעבאָרינ, אי אקסעלראָד אינ די לעצטע יאָרנ: זיי האָבנ ווײַטער געצויגנ די קייט וועגנ פלעכאנאָוונ דעמ טעאָרעטיקער, ניט קענענדיק באנעמענ זײַנע אָפאָרטוניסטישע אָפנייגנ אינ דער פילאָסאָפיע פונ מארקסיזמ. עס איז נייטיק געווענ דאָס

ארײַנמישן זיכ פונ דער פארטיי אונ באזונדערס פונ כ׳ סטאלינ אינ דעמ קאמפ אפנ פילאָסאָפישן פראָנט, קעדיי דעמאסקירנ די מענשעוויסטישע גענג פונ דעבאָרינ אונ אקסעלראָד אינ דער פראגע וועגנ אָפשאצונג פונ לענינענ אלס טעאָרעטיקער.

לענינס קאמפ אינ דער פילאָסאָפיע האָט די גרעסטע אקטועלע באדײַטונג אינ אונדזערע טעג. זי באוואָפנט אונדז אונ דינט אלס דאָס שארפסטע געווער קעגנ דער פילאָסאָפיע פונ פאשיזמ. לענינס פאנאנדערארבעטנ די פראגנ פונ דער מאטעריאליסטישער גנאָסעאָלאָגיע אונ דיאלעקטיק האָט די גרעסטע באדײַטונג פאר דער פאָזיטיווער שאפונג פאר דער נאטור־וויסנשאפט אונ פאר דער סאָציאליסטישער בויונג.

די גרויסע ווירקונג פונ לעניניזמ אפ אונדזערע גרויסע געלערנטע נאטוראליסטנ, ווי, לעמאָשל, דער אקאדעמיקער פיזיקער יאָפע, כימיקער באכ, אפ דער צוגרייטונג פונ אונדזערע יונגע וויסנשאפטלעכע קאדרענ איז איינע פונ די סיבעס פונ דער גרויסער אופבליונג, מיט וועלכער עס צייכנט זיכ אויס די וויסנשאפט בא אונדז אינ פארבאנד.

כ׳ סטאלינס ארבעט איבער דער אנטוויקלונג פונ לעניניזמ—אינ דער טעאָריע אונ פראקטיק—איז דער גרעסטער באווײַז פונ דער גרויסער באדײַטונג, וואָס דער לעניניזמ האָט פאר אונדזער צײַט. לענינס קאמפ אינ דער פילאָסאָפיע איז איינער פונ די באשטאנדטיילנ פונ לעניניזמ, וואָס איז דער „מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ אונ פראָלעטארישע רעוואָליוציעס“. (י. סטאלינ).

# רעדע פונ כאַווער נ. פ. גיקאַלאָ

כאַווײרימ, דערלויבט אפנ פלענומ פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פונ בסס"ר, וועלכער איז געווידמעט די פראַגנ פונ ליטעראַטור, פּאָעזיע פאַרנעמענ אַביסל צײַט פאַר די פראַגעס וועגנ אונדזער פּאָליטיק אונ פּראַקטיק פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג דאָ— אפ דער מײַרעוו-גרענעצ פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטנפאַרבאַנד (אַפּלאָדיסמענטנ).

די איניציאַטיוו, וועלכע עס האָבנ אַרויסגעוויזנ די אָנפירער פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער אפ צונויפרופנ דעמ דאָזיקנ פלענומ דאָפקע דאָ, האָט אַנ אויסשליסלעכ גרויסע באַדײַטונג. די קאָמוניסטנ, אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, דאָס גאַנצע ווײַסרוסישע פאָלק שפּירנ נאָכ מיט קאָלאָסאַלער אופמערקזאַמקײַט נאָכ דער אַרבעט פונ פלענומ. די גרויסע הילפ, וואָס וועט אינ רעזולטאַט פונ דער אַרבעט פונ פלענומ פונעמ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער אונדז געגעבנ ווערנ אונ איז שוינ געגעבנ געוואָרנ, וועט זיכ אַרויסווײַזנ אינ הונדערט מאָל אַזויפיל באַזונדערס אינ דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פונ דער ווײַסרוסישער סאָציאַליסטישער קולטור.

פאַר יעדנ באָלשעוויק, אַרבעטער, קאָלווירטניק פונ ווײַסרוסלאַנד איז באַזונדערס פריידיק, וואָס דער פלענומ פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער האָט זיכ צונויפגעקליבנ דאָפקע דאָ—אפ דער מײַרעוו-גרענעצ, אינ דער הויפּט-שטאָט פונ סאָוועטנ-ווײַסרוסלאַנד— אינ מינסק (אַפּלאָדיסמענטנ).

ניט נאָר בײַ אײַכ, בײַ די פאָרגעשריטענע מענטשנ פונ דער קולטור, נאָר אויכ בײַ יעדנ בירגער פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאַנד איז דאָ אַ פולקאָמ פאַרשטענדלעכער פאַרלאַנג—צו וויסנ וואָס עס ווערט געטאָנ אפ דער גרענעצ אפ צו פאַרפעסטיקנ די שוצ-פעיִקײַט פונ אונדזער לאַנד. וואָס פעסטער עס איז די גרענעצ, אַלצ רויִקער קאָנענ די אַרבעטנדיקע פונ סאָוועטנלאַנד בויענ דעמ סאָציאַליזמ, פאַרווירקלעכנ דעמ צווייטנ פינפיאָר-פּלאַנ—דעמ פינפיאָר פּלאַנ פונ אויסבויענ די אָנקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אונ איכ מיינ, אַז יעדערער פונ אײַכ האָט זיכ איבערצײַגט אינ דער ווירקלעכקײַט אונ ווייס, אַז די מײַרעוו-גרענעצנ זײַנענ אינ פעסטע הענט פונ מענטשנ, וועלכע זײַנענ איבערגעגעבנ דעמ היימלאַנד, וואָס וועלנ דאַרפנ אינ פאַל פונ אַ מילכאָמע אינ דער ערשטער ריי אופנעמענ דעמ קלאַפּ פונעמ סוינע, אָפּשלאָגנ דעמ דאָזיקנ קלאַפּ אונ צעשמעטערנ דעמ סוינע (אַפּלאָדיסמענטנ).

אויב דער סוינע וועט וואַגנ אָנצופאַלנ, וועט אונדזער העראָיִשע רויטע אַרמיי, וואָס אינ אירע רייענ וועט מיט פרייד זיכ שטעלנ יעדער אַרבעטער, קאָלווירטניק, אַרבעטנדי-קער, ניט נאָר ניט אָפּגעבנ דעמ סוינע קיינ איינ שפּאַנ פונ אונדזער סאָוועטישער ערד, נאָר

זי וועט קאָנענ צעשמעטערנ דעמ סוינע אפ זײַנ אייגענער טעריטאָריע (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

איר האָט געהערט די ארויסטרעטונגענ פונ די גרענעצ־וועכטער, וואָס שטייענ אפ דער וואכ פונ די מײַרעוו־גרענעצנ. איר האָט געזענ מיט אײַערע אייגענע אויגנ די פעסטקײַט פונ אונדזערע גרענעצנ (פיל פונ אײַך, שרײַבער אונ דיכטער האָבנ באזוכט איצט די גרענעצ). איר זעט מיט אײַערע אויגנ—מיט די אויגנ פונ שרײַבער אונ דיכטער,—דאָס, וואָס ניט יעדערנ איז עפשער געגעבנ געוואָרנ צו זענ. אונ איר האָט זיכ איבערצײַגט אינ דער ווירקלעכקײַט, אז די גרענעצנ אפנ מײַרעוו, ווי אויכ די גרענעצנ אפנ ווײַטנ מיזרעכ, ווי אויכ אלע גרענעצנ פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטנפארבאנד געפינענ זיכ אינ הענט פונ מענטשנ, איבערגעגעבענע דער פארטיי, דעמ לאנד, דעמ סאָוועטישנ פאָלק, וואָס פארמאָגנ אנ אויסשליסלעכנ העראָיִזמ מוטיקײַט אונ ליבע צומ היימלאנד. ריכטיק האָבנ כאווירימ געזאָגט דאָ, אפנ פלענומ, ריכטיק האָט געזאָגט דער כאווער איידעמאנ, אז פאָעטנ, שרײַבער זײַנענ, ווי אלע פעלקער פונ אונדזער סאָוועטנלאנד,—קעמפער אונ באשיצער פונ די סאָוועטישע גרענעצנ. אונ דאָס גאנצע ווײַסרוסישע פאָלק איז א קעמפער אונ א באשיצער פונ די סאָוועטישע מײַרעוודיקע גרענעצנ (אפּלאָדיסמענטנ).

ווײַל יעדערער פונ ווײַסרוסישנ פאָלק—זאָל ער זײַנ א פארטיי־מיטגליד אָדער אנ אומפארטייִשער, זאָל ער זײַנ אנ ארבעטער אָדער א קאָלווירטניק, זאָל ער זײַנ א שרײַבער אָדער א דיכטער—איז אינ טאָכ גענומענ אנ אומיטלבארער פארטרעטער פונ יעדנ גרענעצ־וועכטער.

הײַנט שטייט דער גרענעצ־וועכטער אפנ פאָסטנ, באשיצט די גרענעצ אונ אויב די קויל פונעמ סוינע וועט מאָרגנ אראָפּנעמענ דעמ גרענעצ־וועכטער—וועט יעדערער פונ אונדז דאָ זײַנ יענער פארטרעטער, וואָס וועט אינ דער ערשטער ריי פארבײַטנ אימ אפנ שלאכט־פאָסטנ.

דאָס סאָוועטנ-ווײַסרוסלאנד איז א לאנד, ווו דאָס פאָלק לעבט אונ ארבעט אפ דער גרענעצ מיטנ קאפּיטאליסטישנ מײַרעוו, אונ אינ פאל אויב די אימפּעריאליסטנ וועלנ אָנפאלנ אפ די הייליקע גרענעצנ פונ אונדזער סאָוועטנפארבאנד וועלנ מיר זײַנ דער אומיטלבארער סאָציאליסטישער טיל פונ דער רויטער ארמיי.

בויענדיק דעמ סאָציִאליזמ צוזאמענ מיט אנדערע פעלקער, ארײַנלייגנדיק זײַנ כיילעק אינ דער אלגעמיינער סאָציִאליסטישער בויונג: אינ דער ליטעראטור, דיכטונג, אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט, קולטור א.א.וו., גערדענקט סאָוועטנווײַסרוסלאנד אונ דאָס גאנצע ווײַסרוסישע פאָלק אונ גרייט זיכ צו זײַנ דער ערשטער, וועלכער וועט אופנעמענ אפ זײַנ ברוסט די קלעפ פונ די ארמייענ פונ די אימפּעריִאליסטישע מעלוכעס. אונ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק, ארײַנטרעטנדיק דער ערשטער אינ שלאכט, וועט באווײַזנ, אז אינ דער גרויסער ברידערלעכער מישפּאָכע פונ סאָוועטישע פעלקער, וועט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק ניט פארנעמענ דאָס לעצטע אָרט אינ דעמ דאָזיקנ אנטשיידנדיקנ געראנגל (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ).

כאווירימ! פונ די פאָרטראגנ אפנ פלענומ וועגנ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור אונ פּאָעזיע האָט איר שוינ א באדײַטנדיקע פאָרשטעלונג וועגנ ווײַסרוסישנ פאָלק.

אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור ווערט ריכטיק אָפּגעשפּיגלט דאָס, וואָס עס קומט פאָר אינ דער ווירקלעכקײַט אינ אונדזער גרויסער סאָציִאליסטישער בויונג, אינ לעבנ אונ אינ דער אנטוויקלונג פונ דעמ דער יענעמ פאָלק.

געווים, מיר קאָנענ נאָכ ניט זאָגנ, אז אונדזער ליטעראטור שפיגלט אָפּ בא הײַנטיקנ טאָג פולשטענדיק דאָס, וואָס עס קומט פאָר בא אונדז, וויאַזוי עס אנטוויקלט זיכ די ווײַסרוסישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליק, וויאַזוי עס וואקסט, אונ עס בליט זיכ פאנאנדער די ווײַסרוסישע סאָציאַליסטישע קולטור אונ קונסט, וויאַזוי עס לעבט פריידיק אונ פריילעכ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק.

אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי אונ דער רעגירונג, אונטער דער אומיטלבארער אומופהערלעכער געניאַלער אָנפירונג פונ כאווער סטאלינ האָט סאָוועטנווײַסרוסלאנד זיכ דערשלאָגנ קאָלאָסאלע דערפאָלגנ פונקט ווי אַלע אנדערע פעלקער פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטנפארבאנד.

דער וווּקס אונ דער אופבלי פונ סאָוועטנווײַסרוסלאנד איז א גלענצנדיקער מוסטער פונ די קאָלאָסאלע גרויסארטיקע רעזולטאטנ פונ דער לענינ־סטאלינישער נאציאָנאלער פאָליטיק אונ פונ דער גרויסער פעלקער־פרײַנטשאפט, וועגנ וועלכער עס האָט אזוי פרעכטיק אונ קלוג געזאָגט דער כאווער סטאלינ.

ווײַסרוסלאנד, וואָס איז ביז דער רעוואָליוציע געווענ אויסשליסלעכ אָפּגעשטאנענע—אנ עמעסע פעלקער-טורמע, האָט זיכ איצט קארדינאל געענדערט.

מיר האָבנ אנ אינדוסטריע, וואָס לויט איר גרויס פארנעמט זי ניט קיינ גרויסנ אָרט אינ סאָוועטנפארבאנד, אָבער לויט איר פראָדוקציע האָט זי א קאָלאָסאלע באדײַטונג. עס זײַנענ אויסגעוואָקסנ נײַע זאוואָדנ, גיגאנטנ, נײַע אינדוסטריע־צווײַגנ: ווערקשטעל־בויונג, פראָדוקציע פונ קינסטלעכנ זײַד, כעמישע, וואלד־פראָדוקציע א. א. וו. עס איז באדײַטנדיק אויסגעוואָקסנ דער ספעציפישער געוויכט פונ דער אינדוסטריע פונ סאָוועטנווײַסרוסלאנד, וואָס גיט זאכנ פונ ברייטנ געברויכ פאר די ארבעטנדיקע פונ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד. מיט דער קאָלעקטיוויזאציע האָבנ מיר זיכ אויכ א רוק געטאָנ פאָרויס, אונ העכער 85 פראָצ. פונ אַלע ווירטשאפטנ זײַנענ בא אונדז אינ די קאָלווירטנ (אפּלאָדיסמענטנ).

אויכ אפנ געביט פונ קולטור, וויסנשאפט, קונסט האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ דערשלאָגנ זיכ, אָנ שום צווייפל, ניט קיינ קליינע דערפאָלגנ.

ווענ מיר ריידנ מיט פרייד אונ מיט שטאָלצ וועגנ אונדזערע דערפאָלגנ, ווייסנ מיר, אז מע הערט אונדז דאָרטנ הינטער דער גרענעצ, עס הערנ אונדז סײַ די סאָנימ, עס הערנ אויכ אונדזערע פרײַנט. דאָרטנ אפנ מײַרעוו בויענ אויס די ארבעטער אונ די פויערימ פרימיטיווע ראדיאָ-אופנעמערס, זיי הערנ וועגנ וואָס מע רעדט דאָ אינ סאָוועטנלאנד, אונ מיט זייער גאנצער נעשאָמע, מיט יעדנ נערוו זייערנ לעבנ זיי איבער דאָס, וואָס עס קומט פאָר בא אונדז. ניט אומזיסט פארפאָלגנ די פאשיסטנ אונ די פאשיסטישע רעגירונגענ די ארבעטנדיקע בלויז דערפאר, וואָס זיי הערנ דורכ ראדיאָ די סאָוועטישע מענטשנ.

ארבעטער אונ פויערימ פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, וואָס זײַנענ מיט זייער גאנצער נעשאָמע אונ הארצנ—מיט אונדז, מיטנ סאָוועטנלאנד, ווייסנ אז זיי הערנ דעמ עמעס, אז זיי זעענ, ווי עס שאפט זיכ א גרויסע זאכ—דער סאָציאַליזמ, זיי זעענ וויאַזוי דאָס פריִער אָפּגעשטאנענע אונ אונטערדריקטע ווײַסרוסיש פאָלק האָט זיכ אופגעהויבנ בא דער סאָוועטנמאכט אפ די העכסטע שפיצנ פונעמ אופבלי פונ זײַנ קולטור אונ ווירטשאפט.

אונ זיי זײַנענ זיכער אינ דעמ, אז די ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס פונ סאָוועטנווײַסרוסלאנד ווייסנ אונ געדענקענ, אז מיט אונדזער ארבעט פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג דערנעענטערנ מיר די צײַט פונעמ באפרײַענ די אויסלענדישע ברידער (אפּלאָדיסמענטנ).

כאווירים, אונדז דאָ, אינ ווײַסרוסלאנד, האָבנ זיכ ניט פאַשעט, ניט לײַכט אונ ניט אָנ קאמפ אײַנגעגעבנ יענע דערפאָלגנ, וועלכע מיר האָבנ אינ רעזולטאט פונ דער קלוגער אָנפירונג, פונ דער פארטײ אונ רעגירונג, אינ רעזולטאט פונ דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט.

די געשיכטע פונעמ קאמפ פונ ווײַסרוסישנ פאָלק וויס פונ אסאכ שווערע בלעטלעכ, דורכגעזאפטע מיט ביטערקײַט, מיט טרערנ אונ צומאָל אויכ מיט בלוט.

ווײַסרוסלאנד איז געווענ א לאנד איבער וועלכנ עס האָבנ זיכ באוועגט די קאָלאָסאלע ארמייענ פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס. די פעלדער פונ ווײַסרוסלאנד זײַנענ פארגאָסנ געוואָרנ מיט בלוט. ווײַסרוסלאנד איז געווענ די ארענע פונ דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע. ווײַסרוסלאנד איז געווענ דאָס לאנד, וואָס האָט איבערגעלעבט צוויי אָקופאציעס—די דײַטשישע אונ די ווײַספוילישע. אונ וואָס אזוינס זײַנענ די דײַטשישע אונ די ווײַספוילישע אָקופאציעס?—וויסנ גוט אונ געדענקענ די ווײַסרוסישע פויערימ אונ ארבעטער, זיי וויסנ ניט לויט היסטאָרישע דערינערונגענ, נאָר לויט די לעבעדיקע פאקטנ, פונעמ קאמפ פונ די ארבעטער אונ פויערימ פונ ווײַסרוסלאנד קעגנ די אונטערדריקער אונ גוואלדטאטער.

ס׳איז ניטאָ קיינ ראיאָנ, ס׳איז ניטאָ קיינ שטאָט, קיינ שטעטל אונ קיינ דאָרפ אינ ווײַסרוסלאנד, ווו עס זאָל ניט האָבנ געווענ קיינ קאָרבאָנעס פונ דער דײַטשישער אָקופאציע, קיינ קאָרבאָנעס פונ דער ווײַספוילישער אָקופאציע. ווענ דו פאָרסט איבער די פעלדער, וועלדער, דערפער, אונ ייִשווימ פונ ווײַסרוסלאנד, באגעגנסטו אומעטומ קוואָרימ—פונ ארבעטער אונ פויערימ—העלדנ פונ בירגער־קריג, וואָס האָבנ געקעמפט קעגנ די דײַטשישע אונ ווײַספוילישע אָקופאנטנ, וואָס האָבנ געקעמפט פאר דער מאכט פונ די סאָוועטנ, פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

פארשטענדלעכ, אז די דאָזיקע געשעענישנ קאָנענ קיינמאָל ניט אויסגעמעקט ווערנ פונעמ זיקאָרנ פונ ווײַסרוסישנ פאָלק, אונ דער כאווער שטשערבאקאָוו האָט אינ זײַנ ארײַנפיר־וואָרט אויסגעצייכנט געזאָגט אונדז וועגנ דעמ.

דאָס ווײַסרוסישע פאָלק אונ אונדזער באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע קאָנענ ניט אויסשרײַבנ פונ זיקאָרנ אויכ אנדערע סאָנימ, די ניטדערטרעכטיקע, ביטערע, וואָס פאסנ זיכ צו צו די באדינגונגענ פונ סאָוועטנווײַסרוסלאנד אונ זײַנענ דערמיט נאָכמער געפערלעכ—דאָס זײַנענ די ווײַסרוסישע נאציאָנאליסטנ, עסערנ אונ אנדערע פארעטער פונ ווײַסרוסישנ פאָלק.

איכ וועל פארעפנטלעכנ בלויז איינ דאָקומענט, איינ קלײנינק זײַטעלע פונ דער געשיכטע, קעדיי צו פארשטיינ, וואָס פאר א נידערטרעכטיקע צווייפענעמדיקע אונ פארעטער עס האָבנ דאָ אינ ווײַסרוסלאנד געפירט זייער ניטדערטרעכטיקע ארבעט. אָט איז אָנ אויסצוג פונ די באווײַזנ פונ איגנאטאָווסקענ, דעמ געוועזענעמ פרעזידענט פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע. אינ דער פארגאנגענהײַט אָנ אקטיווער עסער, אינ דער פארגאנגענהײַט א מענטש, וואָס האָט אָנטײלגענומענ אינעמ צוגרייטנ אונ ארויסלאָזנ יובילייאויסגאבעס צומ 300-טנ יאָרטאָג פונ די ראָמאנאָווס:

„איכ אנערקענ, אז פונעמ מאָמענט זינט איכ בינ ארײַנגעטראָטנ אינ דער פארטײ, האָב איכ געפירט א באוווסטזיניקע צווייענדיקע פאָליטישע שפיל אינ די אינטערעסנ פונ פארווירקלעכנ די אידעאַלנ פונ דער ווײַסרוסישער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענצ“.

אונ איגנאטאָווסקעס מיטקעמפער, דער נאצדעמ גוטקאָווסקי זאָגט:

„וואָס א גרעסערע מעזשע עס וועט אויסגעגראָבנ ווערנ צווישנ די ווײַסרוסישע און רוסישע פעלקער וועט אַלץ בעסער זײַנ פאר דער ווײַסרוסישער קולטור. מיר דארפנ אזוי באארבעטנ די ווײַסרוסישע שפראכ, אז אינ 5 יאָר ארום זאָל זי פאר א „ראסייער“ זײַנ אינגאנצנ ניט פארשטענדלעכ“.

איינער פונ די גרעסטע נאצדעמענ ציטירט זײַנ שמועס מיט איגנאטאָווסקינ:

„ווענ מיר האָבנ פארלאָזנ מינסק, האָט איגנאטאָווסקי געזאָגט: „ס׳איז גאָרניש, כעוורע, מיר וועלנ דאָ זידלענ אײַכ און איר פונ אויסלאנד זידלט אונדז, און פונ דעם וועט בלויז די אלגעמיינע ווײַסרוסישע זאכ אויסשפּילנ“.

אָט דער דאָזיקער איגנאטאָווסקי איז געווענ דער אָנפירנדיקער טוער אפנ געביט פונ דער קולטור און וויסנשאפט פונ ווײַסרוסלאנד.

וואָס פאר א כיטרער און געפערלעכער עס איז דער דאָזיקער סוינע, וואָס איז דורכגעקראָכנ אינ דער פארטיי, דער סאמע נידערטרעכטיקער צווייפּנעמדיקער סוינע, וואָס איז אפנ וואָרט—פאר דער סאָוועטנמאכט, פאר דער פארטיי, אָבער אינ דער ווירקלעכקײַט פירט ער די ארבעט אזוי, קעדיי צו אָפּרײַסנ ווײַסרוסלאנד פונעם סאָוועטנפארבאנד און אָפּגעבנ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק אונטערנ יאָכ פונ די דײַטשישע און פוילישע פריצים.

די דאָזיקע סאָנים האָבנ, אויסנוצנדיק דאָס, וואָס דאָס ווײַסרוסישע פאָלק האָט געליטנ אסאכ קאָרבאָנעס אפ די בלוטיקע פעלדער פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וואָס די צארישע זעלבסטהערשונג, די פריצים און די קאפּיטאַליסטנ האָבנ דערפירט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק צו רויִנירונג, אויסנוצנדיק די דוירעס־לאנגע אָפּגעשטאנענקײַט פונ דעם דאָזיקנ פאָלק—געפירט א פאָליטיק אפ אָפּרײַסנ ווײַסרוסלאנד פונעם סאָוועטנפארבאנד, א פאָליטיק פונ אָפּזונדערונג און פײַנטשאפט צווישנ די פעלקער, פונ פארשקלאפונג פארנ ווײַסרוסישנ פאָלק.

נאָכפאָלגנדיק די אָנווײַזונגענ פונעם געניאַלסטנ פירער פונ דער פארטיי, דעם גרויסנ סטאלינ, האָבנ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד דעמאסקירט און אופגעדעקט פאר די ברייטע מאסנ ארבעטנדיקע דעם גאנצנ פארעטערישנ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערנ טאָכ פונ די ווײַסרוס־ישע נאצדעמענ און פונ זייער אגענטור אינ דער פארטיי, פונ די צווייפּנעמדיקע נאציאָנאלע אָפּאָרטוניסטנ.

און מיט די דאָזיקע סאָנים האָט אונדזער באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע און דאָס ווײַסרוסישע פאָלק זיכ גרינטלעכ צערעכנט אינ 1929 י. ווי איר זעט, איז עס ניט אזוי לאנג געווענ. דאָס ווײַסרוסישע פאָלק האָט דאָס געדארפט איבערלעבנ און עס האָט דאָס געקאָנט איבערלעבנ, צעקלאפּנ און צעשמעטערנ די סאָנים מיט דער הילפ פונ די ברידערלעכע פעלקער און, אינ דער ערשטער ריי, מיט דער הילפ פונ גרויסנ רוסישנ פּראָלעטאַריאט (שטורמישע דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ).

כאווייריס, ווי אלע פעלקער פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטישנ היימלאנד, אזוי אויכ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק פירט אונדזער באָלשעוויסטישע פארטיי, עס פירט א ו נ ד ז ע ר  ס ט א ל י נ.

אונדזערער, ווײַל יעדער פונ די פעלקער פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטנלאנד האלט, אז דער כאווער סטאלינ איז—אונדזער באליבטער פאָטער, אונדזער גרויסע לערער און פירער (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

און ווענ איכ זאָג, ווענ דער ווײַסרוסישער קאָלווירטניק זאָגט—אונדזער סטאלינ—גייענ מיר ארויס ניט פונ ווערלכע ניט איז נאציאָנאליסטישע מאָטיוונ, נאָר פונ די מאָטיוונ פונ

פראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם און פון דער גרויסער פריינטשאפט צווישן די פעלקער (אפלאָדיסמענטן).

וועגן סטאלינען זינגען היינט ניט נאָר איר,—די דיכטער און שרייבער—עס זינגט יעדעס פאָלק פון אונדזער גרויסן סאָוועטנלאנד (שטורמישע אפלאָדיסמענטן).

כאווירים, אין סאָוועטנלאנד און אויסער זיינע גרענעצן איז ניטאָ קיין פאָלק, וואָס זאל ניט שאפן קיין לידער וועגן אונדזערע גרויסע באָלשעוויסטישע אָדלערס—לענין און סטאלין (שטורמישע אפלאָדיסמענטן).

דער כאווער סטאלין האָט אוועקגעשטעלט פאר דער גאנצער פארטיי, פארן גאנצן לאנד א ביז נאָר גרויסע אופגאבע—אויסכאָווען קאדרען, העלפן די מענטשן, וואָס האבן באהערשט די טעכניק, מיט ליבע, זאָרגזאם זיך באציען צו אונדזערע מענטשן.

מיר האָבן אויסגעבויט פאבריקן און זאוואָדן, מיר פארמאָגן א גרויסע סאָציאליסטישע לאנדווירטשאפט—קאָלווירטן און סאָווירטן, מיר האָבן זיך דערשלאָגן אן אופבלי פון דער קולטור און וויסנשאפט, עס גייט א שנעלער אופשטייג און אופבלי פון אלע סאָוועטישע רעפובליקן.

די הויפטזאך און דאָס באשליסנדיקע פאר אונדז, באָלשעוויקעס, בא היינטיקן טאָג, איז אויסשמידן נייע מענטשן, העלפן די מענטשן אונטערהאלטן זיי און באוועגן זיי פאָרויס.

ווייסרוסלאנד האָט זיך פריער אויסגעצייכנט מיט איר קולטורעלער אוןווירטשאפטלעכער אָפגעשטאנענקייט. און די פראגע וועגן קאדרען, וועגן ארויסרוקן מענטשן פון סאָוועטן־ווייסרוסלאנד האָט געהאט און האָט אן אויסשליסלעכע באדייטונג.

גיט א קוק, וויאזוי עס איז פאר די יאָרן פון דער סאָציאליסטישער בויונג אויסגעוואָקסן דער מענטש, ווי עס איז אויסגעוואָקסן דער ארבעטנדיקער ווייסרוס, ייִד.

מיר קאָנען איצט דרייסט זאָגן, אז אין סאָוועטנווייסרוסלאנד זיינען פאראן ניט ווייניק מענטשן, מיט וועלכע עס קאָן שטאָלצירן דאָס סאָוועטן־לאנד.

די ווייסרוסן, וואָס האָבן שטענדיק געזונגען טרויעריקע לידער פון אומעט, נויט, פון אונטערדריקונג און דערשלאָגנקייט—איך רייד שוין ניט וועגן דעם טרויעריקן ליד פון יידישן שטעטל—האָבן איצט געשאפן נייע לידער פון פריילעכן און פריידיקן לעבן.

און דאָס ווייסרוסישע פאָלק איז אופגעהויבן געוואָרן צום לעבן, דאנק דער קלוגשאפט און דער גרויסער ליבע צו אלע פעלקער מיצאד אונדזער פארטיי און דעם גרויסן פירער פון דער פארטיי און פון די פעלקער כאווער ס ט א ל י ן.

נייע מענטשן צעבליען זיך, נייע קרעפטן, נייע פלאסטן פריער ניט געזעענע הויבן זיך אוף.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך דערציילט די כאווײרים סטאווסקי און שטשערבאקאָוו וועגן א שמועס מיט די קאָלווירטניקעס, וואָס זיינען געפאָרן אפ דער בארואטונג וועגן פיצוכט קיין מאָסקווע.

איך זע—עס זיצן צוויי אלטע, אלטע לייט, אלט קאָנטיק צו 65—70 יאָר.

ווען איך האָב אָנגערופן די פאמיליע פון איינעם פון די דאָזיקע אלטע, דערהער איך פלוצלינג א הויכע שטים—„דאָ".

איך פרעג ווו האָט ער פריער געארבעט, וואָס פאר א לעבן איז געווען.

דערציילט ער: „אין 1891 יאָר בין איך גערופן געוואָרן אין קאוואלעריע־פאָלק און האָב געדינט אין א קאָלאָסאלער שטארקער פעסטונג..."

— פרעג איכ—אינ וועלכער?

— אינ פּאָלאָצקער. (געלעכטער).

עס ווײַזט זיכ ארויס, אז דער דאָזיקער אלטער איז אינ 1891 י. שוינ געווענ געוואָרנ אינ דער צארישער ארמײ—דערלויבט מיר צו ארויסזאָגנ מײַנ האשאָ״ע, אז ווייניק ווער פונ אײַכ איז אינ יענער צײַט געבאָ״נ געוואָרנ—אינ 1891 י. (געלעכטער).

פרעג איכ—וויאַזוי ער לעבט.

ענטפערט ער: „דעמ עמעס געזאָגט, ווענ די קאָלווירטנ האָב איכ פריִער געטראכט זייער שלעכט. אז די קאָלווירטנ איז א גוטער איניען—דאָס האָב איכ דערפילט ערשט מיט א יאָר פינפ. פאראנ בא מיר אנ אייניקל, ער לערנט זיכ, האָט ער מיר אלצ דערקלערט.

איכ בינ אלט 65 יאָר. איכ האָב געטראכט, אז די קאָלווירטנ זײַנענ גוט פאר יונגע, פאר מענטשנ, וואָס האָבנ נאָכ קויעכ. אָבער מיט צוויי יאָר צוריק האָט מענ מיכ פאָרגע־לייגט אלס אנ אלטנ קאַוואלעריסט, וואָס וייס א פערד—אינ אונדזער קאָלווירט האָבנ די מענטשנ געוווּסט, אז איכ פארשטיי גוט אפ פערד—אז איכ זאָל זיכ פארנעמענ מיט דער פערד־ווירטשאפט אינ קאָלווירט. איכ האָב זיכ פארנומענ, נו, האָב איכ זיכ א סטארע געטאָנ ווי מענ דארפ.

אונ בא הײַנטיקנ טאָג זײַנענ פונ 46 קליאטשעס אינעמ דאָזיקנ קאָלווירט פאראנ 46 לאָשיקלעכ. דאָס איז, כאוויירימ, א גרויסע זאכ. דער דאָזיקער אלטער האָט אפנ 65־טנ יאָר פונ זײַנ לעבנ אזוי אכטונג געגעבנ אפ די פערד, אז קיינ איינ לאָשיקל איז ניט פארפאלנ געגאנגענ. ער האָט אויסגעכאָוועט 46 יונגע אויסגעצייכנטע פערד, אונ די גע־שיכטע פונ די דאָזיקע פערד וועט, קאָנ זײַנ, זײַנ אזא, אז איר וועט אינ אײַערע פאָעמעס דערציילנ וועגנ דעמ, וויאַזוי די דאָזיקע פערד וועלנ אינ דער רויטער קאַוואלעריע דורכ־גיינ די פעלדער פונ די גרויסע קומענדיקע שלאכטנ סײַ אפ מײַרעוו, סײַ אפ מיזרעכ (שטורמישע דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, אלע שטייענ אופ אונ אָרדענענ אײַנ אנ אָוואַ־ציע).

אָט איז—א צווייטער מענטש: א קאָלווירטניצע—א יעסוימע פונ זאסלאַווער ראיאָנ אנ־טאנינא קירמאשוק. מיט א כוידעש צוריק איז זי געווענ אינ מינסק אפנ צונויפלי פונ די כאָשעווע מענטשנ פונעמ קאמפ פארנ לײַנ. זי האָט דאנ אויסגעארבעט פארנ טאָג, קלאָ־פנדיק מיטנ האנט, 50 קילאָ לײַנ.

איינמאָל איינס אזייגער באנאכט דערהערט זיכ אינ דער דירע א טעלעפאָנ־קלונג.

איכ גיי צו צומ טעלעפאָנ, כ׳מיינ, קאָנ מענ זאָגנ, דעמ סעקרעטאר פונ צק באומרוּיִקט אימעצער פלוצלינג (געלעכטער), ס׳ווײַזט זיכ ארויס, פונ זאסלאַווער ראיאָנ קלינגט מענ. א פרויענ-שטימע רעדט, אז עס איז פאראנ בא אונדז אינ קאָלווירט א קאָלווירטניצע אנטאָנינא, איר קאָנט זי, א געשפּרינקלטע אזא, זי האָט אָפּגעטאָנ א גרויסע ארבעט אונ וויל אײַכ דעמ ערשטנ זאָגנ וועגנ די רעזולטאטנ פונ איר ארבעט, אָבער זי שעמט זיכ. איכ אלס פארטאָרג פונ קאָלווירט, האָב זי צוגערעדט. זי נעמט דאָס טרײַבל, איכ הער—דער מענטש איז אופגערעגט.

— גוט אָוונט, זאָג איכ, וואָסווילט איר זאָגנ?

— איכ האָב אָנגעקלאפּט,—זאָגט זי,—115 קילאָ לײַנ פארנ טאָג.

אונ ווייסט איר, כאוויירימ, וואָס באטײַט אָנקלאפנ 115 קילאָ לײַנ פאר א טאָג? אינ יענער צײַט איז עס געווענ אנ אלפארבאנדישער נאָכ גיט אריבערגעשטיגענער רעקאָרד (אפּלאָ־דיסמענטנ).

שפעטער האָב איכ זיכ באגעגנט מיט אנטאנינא קירמאשוק דאָ, אינ מינסק, ווהינ מע האָט זי ארויסגערופנ. איכ האָב זיכ דורכגערעדט מיט איר. וואָס האָט זי דערוועגט צו אזא זאכ?

זי האָט זיכ אוועקגעשטעלט פאר אנ אופגאבע צו ארבעטנ אזוי, אז זי זאָל פאַרב־פונדאנענ פונ ווײַסרוסלאנד, קײַנ מאָסקווע, דערזענ אונ דריקנ די האנט דעמ כאווער סטאלינ (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

דיראָזיקע בײַשפּילנ האָב איכ געבראכט ניט דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ כאראקטעריסטיש באזונדערס פאר ווײַסרוסלאנד,—אינ יעטווידער סאָוועטישנ פאָלק, אפ די שניי־בערג פונ קאווקאז, אפנ אוראל, אינ די קאָלאָסאלע סטעפּעס פונ קאזאקסטאנ, אינ די פונ זונ צעברענטע זאמדנ פונ מיטל־אזיע, אינ ווײַטנ סיביר — וואקסנ, הייבנ זיכ אופ מענטשנ, וואָס זײַנענ לויט זייער באציונג צו דער ארבעט—מענטשנ נײַע—מענטשנ פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

כאווײַרימ, איכ דארפ זאָגנ אָפנ דעמ עמעס, אז ווענ איכ באגעגנ זיכ אינ דער פראקטיק פונ מײַנ ארבעט מיט די דאָזיקע מענטשנ, פיל איכ זיכ אָפטמאָל גאנצ שלעכט (געלעכטער) אונ ווייסט איר פארוואָס? ווײַל איכ פיל אונ פרעג זיכ אליינ קריטיש, דער טײַוול ווייס עס—צי שטיי איכ ניט אָפּ פונ די דאָזיקע מענטשנ (אפלאָדיסמענטנ). אָפטמאָל קאָנענ מיר ניט אלצ מיטאמאָל פארשטיינ די גאנצע קלאָרזיכטיקײַט אונ געניאַלקײַט פונעמ כאווער סטאלינס אָנווײַזונגענ. אָבער ווענ די פראקטיק שפארט שוינ אָנ, ווענ די נײַע מענטשנ מיט די נײַע געהעכערטע נאָכפראגנ אונ פאָדערונגענ קומענ צו דער אָנפירונג, דאנ טראכסטו—וויאזוי זשע האָסטו עס פריער ניט דורכגעטראכט, ניט דערפילט, ניט פארשטאנענ די גאנצע גרויסארטיקײַט פונ דעמ כאווער סטאלינס געניאַלע דורכדרינגענדיקע ווערטער. ווענ מענ וואָלט פארשטיינ בעסער פריער, וואָלט מענ אויכ בא הײַנטיקנ טאָג בעסער זיכ ספראווענ מיט דער אָנפירונג (אפלאָדיסמענטנ).

גיט א קוק וויאזוי אונדזערע זאוואָדנ, אונ פאבריקנ, די ארבעטער פונ מינסק האָבנ זיכ געגרייט ווארעמ אונ גאסטפרײַנטלעכ צו באגעגענענ אײַכ—די שרײַבער אונ דיכטער פונ סאָוועטנפארבאנד.

אפ די אונטערנעמונגענ אונ זאוואָדנ איז א קאָלאָסאלער נאָכפרעג אפ אײַערע ווערק. די ארבעטער האָבנ מיט אויסשליסלעכער ליבע זיכ באצויגנ צו דעמ, אז איר וועט קומענ, וועט איר דערציילנ וועגנ אײַערע ווערק, וועגנ אײַער שאפנ, איר וועט זיכ באקאָנענ מיט זייער ארבעט אפ דער פאבריק, אפנ זאוואָד. ס'איז ניטאָ קיינ איינ אונטערנעמונג פונ מינסק, ווו די מענטשנ זאָלנ זיכ ניט גרייטנ צו באגעגענענ אײַכ, זאָלנ ניט לייענענ אײַערע ווערק. דאָס רעדט וועגנ דעמ, וויאזוי דאָס סאָוועטישע פאָלק איז קולטורעל אויסגעוואָקסנ, וויאזוי עס האָט ליב אונ ווייס די ליטעראטור אונ די דיכטונג.

גיט א קוק אפ די מענטשנ פונ קונסט—אפ די ארטיסטנ. מע האָט אײַכ דאָ באוויזנ די פיעסע „נא קופאלע”. אונדזער ערשטער ווײַסרוסישער מעלוכישער טעאטער האָט אינגאנצנ 7 טעג געארבעט איבער דעמ דאָזיקנ ווערק אונ 3 מאָל איבערגעמאכט די פיעסע מיט 2 טעג פארנ פלענומ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער האָבנ מיר אינ צק פונ דער פארטיי באהאנדלט אונ באשלאָסנ, אז די פיעסע „נא קופאלע”, ווו עס זײַנענ געווענ עלעמענטנ פונ נאצדעמאָווישטשינע, דארפ מענ איבערמאכנ. אונ דאנ האָט דער דיכטער אלעקסאנדראָוויטש צוזאמענ מיט די טוער פונעמ טעאטער פאר איינ נאכט איבערגעמאכט די דאָזיקע פיעסע, קעדײַ, איר זאָלט זי זענ (אפלאָדיסמענטנ).

גיט א קוק, מיט וואָס פאר א קאָלאָסאלער אָנשטרענגונג, מיט וואָס פאר א ווירקלעכ סטאכאנאָווישן העראָיִזם און פארלאנג אומבאדינגט צו געבן פאר א קורצן טערמין א הויכ־קוואליפֿאציווע שטעלונג, עס האָבן געארבעט די טוער פון אונדזער טעאטער—די ארטיסטן. די מענטשן האָבן איבערגעלעבט דעם דאָזיקן איניען, זיי זײַנען געשטיגן.

צי דען איז עס ניט קיין נײַע באציִונג צו דער ארבעט אפילע בא די קונסט־טוער? צי דען זײַנען עס ניט קיין נײַע מענטשן וואָס ארבעטן אפּ א נײַעם אויפן?

צי דען כאראקטעריזירט עס ניט ווי מענטשן שטײַגן אפן געביט פון קונסט, טע־אטער?

איך וועל שוין ניט ריידן דאָ וועגן סטאכאנאָווצעס—די מערקווירדיקע מענטשן, וואָס וואקסן אין די צענדליקער און הונדערטער אין אונדזער אינדוסטריע ווי די ברידער סקאָבלאָ, לוטשקאָווסקי, רושקאָ, כוואָשטשעווסקי, סעמעניִדאָווא, כארנאס, דיראָ און פיל אנדערע.

נעמט אונדזערע ארבעטער־דערפינדער. דער שמיד פון וויטעבסקער בערשטל-פאבריק כ' האָפּמאן האָט אויסגעבויט נײַע מעשינעס, אזוינע מאשינעס, וואָס זײַנען נאָך ניטאָ אין אויסלאנד, אין די קאפיטאליסטישע לענדער (אפלאָדיסטענטן).

ניט לאנג זײַנען געקומען צו פאָרן צו אונדז דײַטשן, האָבן זיי זיך צו אים געווענ־דעט—צי קאָן מען ניט באקומען אײַער דערפינדונג? זאָגט ער—איך בין א קאָמוניסט, בא מיר איז פאראן א פארטיי, די פארטיי וועט זאָגן, אז מע דארף אײַך געבן, ביטע, וועל איך געבן (אפלאָדיסמענטן).

דער דאָזיקער דערפינדער האָט געדינט אין דער רויטער ארמיי און אין די טאנק־טיילן און האָט געגעבן א גאנצע ריי ווערטפולע דערפינדונגען פארן מיליטער-וועזן, פארן פאר־פעסטיקן די שוץ פון סאָוועטנלאנד (אפלאָדיסמענטן).

אונדזער ווײַסרוסישע ליטעראטור און פּאָעזיע, אירע בעסטע פאָרשטייער און דער גאנצער קאָלעקטיוו ווײַסרוסישע שרײַבער און דיכטער זײַנען פאר די לעצטע יאָרן, בא־זונדערס פאר די לעצטע 2—3 יאָר, באדײַטנדיק אויסגעוואָקסן.

אונדזערע שרײַבער און דיכטער הייבן אָן צו פאנאנדערוקן די ראמען פון דער נא־ציִאָנאלער טעמאטיק, זיי גייען ארויס אפּ א ברייטערער ארענע, זיי גייען אריבער צו דער טעמאטיק, וואָס איז פארבונדן מיטן לעבן פון אנדערע פעלקער פון אונדזער סאָוועטנ־פארבאנד. אונדזערע דיכטער און שרײַבער הייבן אָן צו באפרײַען זיך פון אייניקע זייערע פריִערדיקע פעלערן, קאָן זײַן פון נאציִאָנאלער באגרענעצטקײַט, און דעריבער הייבן זיי אָן אזוי פרעכטיק צו וואקסן אין דער אלגעמיינער מישפּאָכע פון די שרײַבער און דיכטער פון סאָוועטנפארבאנד.

די לעצטע ווערק פון יאנקא קופאלא, יאקוב קאָלאס, אלעקסאנדראָוויטש, מאכן א קאָ־לאָסאלן אײַנדרוק. גוטע ווערק האָבן געגעבן אויך אנדערע שרײַבער און דיכטער פון סאָוועטנווײַסרוסלאנד—כאריק, בראָווקאָ, לינקאָוו און אנדערע. די פּאָעטישע אופריכטיקײַט, דער עמעס פון נײַעם לעבן, די שיינקײַט און מוזיק פון וואָרט אין זייערע לעצטע ווערק קלינגען שטארק. דאָס זאָגט איידעס וועגן דעם, אז דאָס לעבן פון גאנצן ווײַסרוסישן פאָלק איז א שיין, נײַ, קלינגענדיק, מונטער און פריידיק לעבן (שטורמישע אפלאָדיס־מענטן).

מיטן וווּקס פון די נײַע מענטשן, וואָס וואקסן אפּ א סטאלינישן אויפן, פון סטאכא־נאָווצעס, פון מענטשן פון דער קונסט און ליטעראטור, וואָס גיבן אָפּ זייער גאנצע

ענערגיע, ווילנ, אלע זייערע פיזישע אונ גייַסטיקע קויכעס פאר אונדזער סאָוועטישנ היימלאנד אונ פאר דער גרויסער זאכ פונ סאָציאליזמ,—דארפנ מיר אליינ, די פארטייִשע אָנפירער, שטארק וואקסנ.

אויב מיר וועלנ ניט דורכטראכטנ ביזנ סאָפ די גאנצע קלוגשאפט אונ טיפקייַט פונעמ כאווער סטאלינס אָנווייַזונג וועגנ קאדרענ, וועגנ די מענטשנ, וואָס האָבנ באהערשט די טעכניק אונ וואָס באציִענ זיכ אפ א נייַעמ אויפנ צו דער פראָדוקציע, צו דער ארבעט, אויב מיר וועלנ זיכ ניט ספראווענ מיט אונדזער אלגעמיינעמ וווּקס אלס פארטייִשע אָנפירער, וועט זייַנ פאר אונדז שלעכט.

איצט, באמ קאָלאָסאלנ אופשטייַג אינ אונדזער סאָוועטנלאנד, ווענ מיר קעמפנ פאר אויסבויענ די אָנקלאסעווע סאָציאליסטישע געזעלשאפט, קאָנענ ניט ניט וואקסנ די פארטייִשע אָנפירער, וואָס פארנעמענ זיכ אומיטלבאר מיט דער פראקטישער ארבעט, מיט דער אָנפירונג, מיטנ לייזנ פראגנ אפנ געביט פונ דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט, קולטור.

יעדערער פונ אונדז, וואָס וועט ניט ארבעטנ איבער זיכ, וואָס וועט ניט וואקסנ אינ אידייִש־טעאָרעטישנ, פאָליטישנ, קולטורעלנ הינזיכט, וואָס וועט זיכ ניט אופהייבנ, וואָס וועט זיכ האלטנ גרייס אונ זיכ איבערנעמענ מיט די דערגרייכטע דערפאָלגנ,—וועט אומפארמייַדלעכ אָפשטיינ אונ אָפגיינ פונ לעבנ.

מיר, באָלשעוויקעס, וואָס ארבעטנ אפ דער גרענעצ, האלטנ, אז איר, שרייַבער אונ דיכטער פונ סאָוועטנלאנד, דארפט ניט נאָר אָפשפיגלענ אינ אייַער שאפונג, אינ אייַערע ווערק די סטאכאנאָווישע באוועגונג אונ די נייַע וואקסנדיקע מענטשנ, נאָר אויכ נעמענ עס אינ אכט פונ שטאנדפונקט וויִאזוי מע דארפ הייַנט ארבעטנ.

אונדזער ליטעראטור—די סאָוועטישע ליטעראטור—איז די סאמע פרינציפיעלע, סאמע רעוואָליוציִאָנערע, די סאמע עמעסדיקע אונ קאָנסעקווענטע ליטעראטור אינ דער וועלט. אונדזער ליטעראטור פארנעמט דאָס סאמע פאָרגעשריטענע אָרט אינ דער וועלט אלס די ליטעראטור אונ דיכטונג פונעמ סאמע פאָרגעשריטענעמ אונ רעוואָליוציִאָנערנ קלאס—דעמ ארבעטער־קלאס. דאָס איז קלאָר.

אָבער, באווייַרימ, מע דארפ ניט פארגעסנ, אז די מענטשנ וואקסנ, אונדזער לאנד וואקסט, אונ איר, אינזשעניערנ פונ די מענטשלעכע נעשאָמעס, דארפט זענ, וואָס עס קומט פאָר הייַנט מיטנ מענטשנ.

איכ האָב גערעדט וועגנ קאָלאָסאלנ אינטערעס צו דער ליטעראטור אפ די זאוואָדנ, אינ די קאָלווירטנ, וועגנ דער ליבע פונעמ פאָלק צו אייַכ—צו די שעפער פונ דער דאָזיקער ליטעראטור.

די נייַע וואקסנדיקע מענטשנ—די סטאכאנאָווצעס פונ דער אינדוסטריע, פונ דער לאנדווירטשאפט, די גרענעצ־וועכטער, די קעמפער פונ דער רויטער ארמיי—זייַנענ אויסגעוואָקסנ אונ וואקסנ קולטורעל אונ שטעלנ העכערע פאָדערונגענ צו דער ליטעראטור אונ צו דער פאָעזיע. דאָס פארפליכטעט אייַכ צו באציִענ זיכ זעלבסטקריטיש צו אייַער ארבעט, צו אייַערע ווערק, צו ארבעטנ נאָכ בעסער איבער יעדנ ווערק.

געפינט אזא מענטשנ—איכ רייד אפילע וועגנ אונדז אליינ, וועגנ די פארטיי-טוער, וואָס פירנ דורכ פעסט אינ לעבנ דעמ כאווער סטאלינס לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק—וואָס זאָל ליב האָבנ די קריטיק אונ זעלבסטקריטיק, וואָס איז געווענדעט אפ אימ אליינ. אזוינע פאלנ האָב איכ, אינ אלגעמיינ גערעדט, ניט באגעגנט (געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ).

מע קאָנ ניט ליב האָבנ די זעלבסטקריטיק פערזענלעכ וועגנ זיכ. מע קאָנ אפ דער זעלבסטקריטיק רעאגירנ פארשיידנ, אָבער מע דארפ דעריקער פארשטיינ, אז אינ אונדזער סאָוועטנלאנד קאָנ מענ זיכ ניט באַוועגנ פאָרויס אפ יעטווידער ארבעט־באצירק אָנ זעלבסט־קריטיק. בא אונדז—בא די, וואָס ארבעטנ דירעקט אפ פארטיי־ארבעט, איז סיי די דער־פארונג אפנ געביט פונ זעלבסטקריטיק א גרעסערע ווי בא אײַכ (גלעלכטער), סיי די גע־ווינהײַט צו דער אופווירקונג פונ דער זעלבסטקריטיק—א גרעסערע, סיי דאָס קאָנענ רעאגירנ אפ דער זעלבסטקריטיק גרעסער ווי בא אײַכ. באמיט זיכ אויכ איר צוגעווינענ זיכ צו דעמ. אויכ איר דארפט באהערשנ די באָלשעוויסטישע זעלבסטקריטיק אלס גרונט־בעווער אונ פאנאנדערוויקלענ זי.

די ארויסטרעטונגענ פונ די שרײַבער אונ דיכטער אפנ פלענומ באַווײַזנ ניט נאָר א גרויסנ שעפערישנ וווּקס, נאָר אויכ א פאָליטישנ.

דער דאָזיקער וווּקס דריקט זיכ אויס אויכ אינ דעמ, וואָס איר הייבט אָנ פאנאנדער־צעוויקלענ זעלבסטקריטיק אויכ אינ יעדער ארויסטרעטונג אײַערער, ווענ איר רעדט וועגנ דער פארטיי, וועגנ דער גרענעצ, וועגנ פארטיידיקנ אונדזער היימלאנד.

אויב איר וועט אָפשפיגלענ די סטאכאנאָווישע באַוועגונג אונ דעמ קאָלאָסאלנ וווּקס פונ אונדזער לאנד, אויב איר וועט פאנאנדערוויקלענ די זעלבסטקריטיק, אויב איר וועט ארבעטנ יט אָפגעשוואכט איבער יעדנ ווערק, וועט איר צוזאמענ מיטנ גאנצנ סאָוועטנ־לאנד לפאנענ פעסט פאָרויס. אונדזער סאָוועטישע ליטעראטור אונ פאָעזיע וועט זײַנ די בעסטע יטעראטור אונ פאָעזיע אינ דער וועלט.

אונדזער פארטיי אונ אלע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד העלפנ אונ וועלנ אײַכ העלפנ מיט אלע מעגלעכקײַטנ אונ אלזײַטיק. א קאָלאָסאלע באדײַטונג האָט די ארבעט פונ די איבערזעצונגענ, וועלכע מע דארפ באדײַטנדיק פארשטארקנ.

עס איז נייטיק, אנטוויקלענדיק אונ אופהייבנדיק די שפראכ פונ יעדנ פאָלק פונ סאָ־וועטנלאנד, מאכנ דאָס שאפנ אונ די ווערק פונ די שרײַבער אונ דיכטער פונ יעדנ פאָלק, דורכ די איבערזעצונגענ, אלס אייגנס פונ אלע פעלקער פונ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד.

מיר דריקנ אויס אנ אופריכטיקנ דאנק אינ נאָמענ פונ ווײַסרוסישנ פאָלק אונ פונ אונדזער באָלשעוויסטישער אָרגאניזאציע יענע שרײַבער אונ דיכטער פונ אנדערע פעלקער פונ אונדזער לאנד, וועלכע מיט ליבע, מיט דער גאנצער אופריכטיקײַט מאכנ די בעסטע ווערק פונ די ווײַסרוסישע שרײַבער אונ דיכטער אלס אייגנס פונ דעמ גרויסנ רוסישנ פאָלק אונ אלע אנדערע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד (אפלאָדיסמענטנ).

כאווײרימ, איכ קאָנ ניט ניט ברענגענ מײַנ הארציקנ ביז גאָר טיפנ דאנק אײַכ — די שרײַבער אונ דיכטער—אויכ פאר יענער קאָלאָסאלער הילפ, וועלכע איר האָט אונדז גע־געבנ מיט דעמ, וואָס איר זײַט געווענ אפ אונדזערע אונטערנעמונגענ, זאוואָדנ, איר האָט געזענ אונדזער סאָוועטנווײַסרוסלאנד אונ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק. יעדערער פונ די אר־בעטער, קאָלווירטניקעס, פונ אונדזערע טוער, וואָס האָבנ אײַכ דאָ געזענ אונ געהערט, וועלנ ניט נאָר נאָכ בעסער אונ מערער לייענענ אונ שעצנ אײַערע ווערק, נאָר זיי וועלנ זיכ נאָכ פעסטער נעמענ צו דער גרויסער זאכ פונ בויענ דעמ סאָציאליזמ אונ פונ באַ־שיצנ אונדזערע מײַרעווודיקע גרענעצנ (אפלאָדיסמענטנ).

די איניציאטיוו פונ כ׳ איידעמאנ, וואָס האָט פאָרגעלייגט שאפנ אנ אלבאָמ מיט אונ־טערשריפטנ, מיט פראגמענטנ פונ פראָזע אונ לידער פונ אלע שרײַבער אונ דיכטער, וואָס געפינענ זיכ אפנ פלענומ,—איז א הערלעכע גרויסע זאכ. דער דאָזיקער אלבאָמ מיט

אונטערשריפטן פון יעדן שרײַבער און דיכטער פון סאָוועטנפאַרבאַנד וועט בלײַבן באַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד ווי א פאָן פון דער גרויסער פעלקער־פרײַנטשאפט, און יעדער קאָלעקטיוו פון ארבעטער און קאָלווירטניקעס וועט זיך שלאָגן פאר דעם אפ צו אויס־קעמפן מיט זײַן ארבעט דעם הויכן קאָוועד צו באקומען און האלטן דעם דאָזיקן בוך—דעם אלבאָם פון דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור און פּאָעזיע. דאָס איז א ביז גאָר גרויסע זאַך (אפּלאָדיסמענטן).

כאווײרים, מיר פארפליכטן זיך אָפּהיטן אײַערע הערלעכע ווערק און אונטערשריפטן, וואָס וועלן זײַן אין דעם דאָזיקן אלבאָם, ווי דעם שווארצאפּל פון אויג (אפּלאָדיסמענטן).

דעם דאָזיקן אלבאָם וועלן מיר פארהיטן אויך פאר די דורות. די איצטיקע פּיאָנערן, אָקטיאבערלעך, די בירגער פון גרויסן סאָוועטנלאנד, וואָס ווערן איצט געבוירן, וועלן עפּשער אין צענדליקער יאָרן ארום קוקן און לייענען אײַערע אונטערשריפטן, ווונטשן, לידער, וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין די טעג, ווען מיר האָבן געבויט און פאר־טיידיקט דעם סאָציאַליזם דאָ, אפּ די מײַרעוודיקע גרענעצן פון סאָוועטנפארבאנד (אפּלאָ־דיסמענטן).

כאווײרים, איך האָב באוויזן זייער א קליין שטיקל לעבן פון סאָוועטן־ווײַסרוסלאנד, פון דעם, וויאַזוי דאָס פריִער אונטערדריקטע און אָפּגעשטאנענע ווײַסרוסישע פאָלק איז געקומען צום אופבלי פון זײַן קולטור און פון דער ווירטשאַפט.

כאווײרים, יעדער טוער, קאָלווירטניק, קולטור־טוער, יעדערער פון אונדז, אלע סאָוועטישע פעלקער און ארבעטער, די ארבעטנדיקע פון יעטווידן פאָלק, וואָס געפינט זיך הינטער די גרענעצן פון סאָוועטנלאנד, ווייסן און טראכטן וועגן יענעם גרויסן מענטשן, וואָס העלפט יעדערן פון די פעלקער פון גרויטן סאָוועטנפארבאנד, יעדערן פון אונדז מיט דער גרעסטער ליבע און וואַרעמקײַט אין אלע אונדזערע גרויסע און קליינע איניאָנים, וואָס פירט מיט אונדז אָן מיט געניִאלער קלאָרזיכטיקײַט און קלוגשאפט און פירט אונדז צו דער ליכטיקער צוקונפט פון דער גאנצער מענטשהײַט—צום קאָמוניזם.

יעדער דיכטער און שרײַבער קאָן ניט דעריבער טראכטן און שרײַבן, ניט באגײַסטערנדיק זיך, ווי עס קאָן ניט אויך יעדערער פון אונדזערע ארבעטער, קאָלווירטניקעס, אר־בעטנדיקע, ווי עס קאָן ניט יעטווידעס פאָלק ניט ליבן און ניט זינגען מיט די ליפּן פון גאנצן פאָלק א לויב־געזאנג דעם באליבטן, קלוגן, גרעסטן מענטשן דעם כאווער סטאלין. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן, וואָס גייען אריבער אין אַן אָוואציע. אלע שטייען אופ. אויסגעשרייען: „זאָל לעבן אונדזער סטאלין!“).

# ליטעראַטור און לאַנדשוצ

## רעדע פונ כ׳ אײדעמאַנ (מאָסקווע)

— כאַווײרים, מיכ, אַלס אַ מיליטער־מאַנ, האָט מענ געבעטנ זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ די אויפגאַבעס פונ דער ליטעראַטור אונ פונ דער פּאָעזיע אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ באַשיצנ אינדזער לאַנד.

טאַקע דערפאַר, ווײַל איכ בינ אַ מיליטער־מאַנ, דערפאַר ווײַל איכ געהער צו דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמײ, צו יענער אַרמײ, וואָס באַשיצט די סאַמע פאָרגעשריטענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אינ דער וועלט, פונ וועלכער ס׳האָט געוווּקסט די מענטשהײט האַלט איכ, אַז איכ האָב מאָראַליש רעכט צו זאָגנ עטלעכע ווערטער בענעגײע די אַלגעמײנע פראַגנ פונ פּאָעזיע.

דער כ׳ נאָוויקאָוו פּריבוי האָט אינ די איבערײַסנ צווישנ די זיצונגענ דערציילט גוטמוטיק, בײַסנדיק די וואָנצ, וויאַזוי מע האָט אים, דעמ מאַטראָס פונ צאַרישנ פלאָט, אוועקגעזעצט אויפ 3 מעסלעס אויפ דער האַופּט־וואַכטע, דערפאַר, ווײַל ער האָט זיכ דערוועגט אָנשרײַבנ פאַרנ דראַמאַטישנ קרײַז פונ שיפ אַנ אומשולדיקע קאָמעדיע.

ווי ניט ענלעכ עס איז, ניט נאָר אויפ דער דאָזיקער אַרמײ וועגנ וועלכער עס האָט דערציילט נאָוויקאָוו פּריבוי, נאָר אויכ אויפ קײנ אײנ אַרמײ אינ דער וועלט, אונדזער אַרבעטער־פּויערישע רויטע אַרמײ.

די טירנ פונ דער רויטער אַרמײ זײַנענ ברײט אָפֿנ פאַר דער ליטעראַטור. דער פאָלקסקאָמיסאַר פונ דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמײ, אונדזער ערשטער מאַרשאַל, דער כ׳וואָראָשילאָוו איז ניט נאָר אַ העראָאישער פירער פונ דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמײ, נאָר אויכ אַ גרויסער ווײסער אונ שעצער פונ קונסט, אַ ראַפינירטער קענער פונ ליטעראַטור. (אַפּלאָדיסמענטנ).

איכ האָב מוירע, אַז אַפילע ניט אַלע שרײַבער גיבנ זיכ אָפ אַ רעכענונג אינ יענער באַדײַטונג אונ ראָליע, וועלכע עס האָט די ליטעראַטור, וועלכע זי באַקומט אינעמ דערציִענ אונ צוגרײטנ די אַרבעטער־פּויערישע קאָמאַנדיר־קאַדרענ.

אַ קאָמאַנדיר—איז אַ מענטש, וואָס קאָמאַנדעוועט אונ פירט אָנ ניט נאָר מיט דער טעכניק, נאָר אינ דער ערשטער רײ מיטנ לעבעדיקנ מענטשנ. מיטנ פאַרשטײנ אונ קענענ דעמ מענטשנ באַוואָפנט אימ די ליטעראַטור.

אָט פאַרוואָס, איכ כאַזער איבער, כאַווײרים, מיר ווילט זיכ רײדנ וועגנ אַלגעמײנע פראַגנ, וואָס זײַנענ געשטאַנענ אויפ אונדזער פּלענומ.

אונדזער פּלענומ איז לויט מײַנ מײנונג אַ באַזונדער פּלענומ. פאַרוואָס? פריִער פונ אַלצ איז ער אַ באַזונדערער דערפאַר, ווײַל ער האָט באַוויזנ דעמ אידײיִש־פּאָליטישנ וווּקס פונ אונדזערע פּאָעטישע קאַדרענ.

קיינמאָל זײַנענ נאָכ די קאדרענ פונ אונדזער ליטעראטור ניט געווענ אזוי איינהײַטלעכ אינ זייער אידייִש-פּאָליטישער באוואָפנטקײַט (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ). קיינמאָל האָבנ די קאדרענ פונ אונדזער ליטעראטור ניט דעמאָנסטרירט אזוי בוילעט אונ אָנשוילעכ זייער באוואָפנטקײַט מיט יענער איינציקער, פּאָרגעשריטענער וועלט-אָנשויונג, וואָס באלויכט, ווי א גוטער פּראָזשעקטער, די יאָרהונדערטנ — מיט דער וועלט-אָנשויונג פונ מארקס-ענגעלס-לענינ-סטאלינ (אפּלאָדיסמענטנ).

אונ דאָס, כאווײרים, רעדט וועגנ א גרויסנ שעפערישנ וווקס. די גרויסע דיכטער פונ אלע עפּאָכעס, וואָס זײַנענ ארײַנ אינ דער געשיכטע פונ דער וועלט-קולטור זײַנענ געווענ גרויס ניט נאָר דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ געווענ מײַסטערס פונ וואָרט אונ פונ נײַע געשטאלטנ, נאָר אויכ דערפאר, ווײַל זיי אלע אָנ אויסנאם זײַנענ געווענ אויכ די פּאָרגעשריטענע מענטשנ פונ זייער עפּאָכע, וואָס קוקנ ארײַנ ווײַט פאָרויס.

איכ פארשטיי ניט יענעמ כאווער, וואָס האָט געפּרוווט נעמענ אונטער זײַנ שוצ באָריס פאסטערנאקנ. לויט מײַנ מיינונג, איז גאָרניט נייטיק צו דערווײַזנ, אז באָריס פאסטערנאק איז א סאָוועטישער דיכטער. יאָ, באָריס פאסטערנאק איז א מערקווירדיקער דיכטער פונ אונדזער לאנד אונ א מערקווירדיקער בירגער פונ אונדזער לאנד (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

אונ ווענ איכ, א מיליטער-מאנ האָב זיכ גאָר ניט לאנג דערוווּסט, אז בײַס זײַנ לעצטער רײַזע קיינ אויסלאנד האָט באָריס פאסטערנאק, א בירגער פונ סאָוועטנלאנד, א הויכפּרינציפּיעלער (וואָס דערפאר האָבנ מיר אימ ליב) אינ אלע זײַנע טאטנ, האָט זיכ אָפּגעזאָגט אפילע צו באגעגענענ זיכ מיט א מענטשנ, וועלכנ ער האָט ליב, האָב איכ ווי א סאָלדאט, געוואָלט אפּלאָדירנ דער העלדישקײַט פונ זײַנ פּרינציפּיעלקײַט (אפּלאָדיסמענטנ).

אונ אָט דעמ דאָזיקנ באָריס פאסטערנאקנ קענ אינ מײַנע אויגנ גאָר ניט פארשווארצנ אפילע אזא ליאפּסוס ווי די פּרוּווּנג צו זוכנ עפּעס אנ איינהײַטלעכע ליניע אינ טאָלסטויס פּאָשעטקײַט אונ אינ לענינס פּאָשעטקײַט.

א צווייטע זאכ, וואָס מיר זעט אויס ווי א גרויסע דערגרייכונג פונעמ דאָזיקנ פּלענומ, דאָס איז אונדזער פּרווו, וואָס איז, מיינ איכ, ניט אָנ דערפאָלג, צו פאראלגעמיינערנ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער סאָוועטישער פּאָעזיע, וואָס צייכענענ זיי אויס פונ דער פּאָעזיע פונ אלע אנדערע לענדער אונ עפּאָכעס.

אונ דאָ ווילט זיכ מיר זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ פּאָלקסטימלעכקײַט.

די פּאָעזיע אינ סאָוועטנלאנד ווערט ווירקלעכ א פּאָלקס-פּאָעזיע. אינ דעמ באשטייט טאקע די קאָלאָסאלע קראפט פונ סאָציאליזמ, וואָס ער האָט אופגעהויבנ צומ באוווסטזיניקנ לעבנ מיליאָנענ מענטשנ אונ האָט דערנענטערט צו דער קונסט מיליאָנענ מענטשנ.

אונ אינ דעמ דאָזיקנ פלאנ ווילט זיכ מיר זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ דער פּאָשעטקײַט פונ קינסטלערישנ וואָרט.

מיר דוכט, פונדעסטוועגנ, אז ניט אלע כאווײרימ פארשטייענ, אז די פראגע וועגנ קינסטלערישער פּאָשעטקײַט איז ניט אזוי פּאָשעט.

יענער, וואָס טראכט, אז די דאָזיקע פּראָבלעמ איז א פּאָשעטע, יענער וועט אינ זײַנ שעפערישער ארבעט אומפארמײַדלעכ זיכ אראָפּקײַקלענ אפּנ וועג פונ פארייִנפאכונג (שטימענ: ריכטיק, אפּלאָדיסמענטנ), אָדער פונ נעבעכדיקער עפּיגאָנערײַ.

די קינסטלערישע, קלוגע פּאָשעטקײַט דאָס איז — דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ אלע גרעסטע פּאָעטנ, פונ אלע גרעסטע קינסטלער, פונ אלע עפּאָכעס. אינ דעמ באשטייט אינ א באדײַטנדיקער מאָס זייער קראפט.

דאָס זעט איר אויכ אינ דער פאָליטיק. מע קאָנ ניט ניט אנטציקט ווערנ פונ דער געניאַלער, קלוגער פאָשעטקײַט פונעמ ריידנ, פונ דער שפּראַכ בא אזוינע גיגאנטנ פונ מענטשלעכנ געדאנק ווי לענינ אונ סטאלינ (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

איכ האָב אויכ ליב מאיאקאָווסקענ. טײַער איז ער מיר אויכ דערפאר, ווײַל דער גאנצער וועג פונ זײַנ שעפערישער אנטוויקלונג איז געווענ א וועג פונ בײַקומענ דעמ פאָרמאליזמ, א וועג פונ באזיגנ זיכ אליינ, א וועג פונ קאמפ פאר דער קלוגער קינסטלערישער פאָשעטקײַט, וואָס האָט אימ סאָפקאָלסאָפ טאקע געמאכט פארנ לײַדנשאפטלעכנ דיכטער פונ דער רעוואָליוציע, פארנ טריבונ, וועמעס שטימ עס איז דערגאנגענ צו די טיפענישנ פונ די מאסנ.

אונ דאָ וויל איכ זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ דער פראָש־פאָעזיע. אומזיסט באליידיקנ זיכ די כאוויירימ אפ אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקענ, זאָגנדיק, אז בא אונדז איז ניטאָ קיינ פראָש־פאָעזיע. ס'איז פאראנ אויכ א פראָש־פאָעזיע. אונ זי לעבט צוגלײַכ מיט אונדזער פרעכטיקער פאָעזיע.

מיר דארפנ ניט קיינ לידער, ווו ס'איז ניטאָ די לײַדנשאפט פונ דיכטער. מיר דארפנ אופדעקנ אזא פאָעזיע אונ קעמפנ קעגנ איר אפילע דאנ, ווענ זי זעט אויס פאָשעט. זי איז א „פראָסטלעכע“ (אפּלאָדיסמענטנ).

א מערקווירדיקער דיכטער איז איליא סעלווינסקי. איכ האָב זיכ נעכטנ געפרייט ווי איר אלע אונ כ'האָב פונ גאנצנ הארצנ אפּלאָדירט איליא סעלווינסקענ ווענ ער האָט געלייענט די פאָעמע „סטאלינ“. אינ דעמ דאָזיקנ ווערק האָב איכ דערזענ איליא סעלווינסקעס קאָלאָסאלנ שעפערישנ דערפאָלג. איכ האָב דערזענ, אז דער דאָזיקער דיכטער באזיגט אינ אײַנגעשפארטנ קאמפ זיכ זעלבסט, זײַנע פעלערנ אינ דער פארגאנגענהײַט אונ גייט צו יענער קלוגער קינסטלערישער פאָשעטקײַט, וואָס בא איר הילפ קומט צומ הארצנ פונ לייענער די אופגערעגטע לײַדנשאפט פונעמ דיכטער (אפּלאָדיסמענטנ).

אָבער איכ, ווי א לייענער, האָב ניט צומאָל די מעגלעכקײַט צו פארשטיינ דעמ דאָזיקנ דיכטער, וועלכער אינטערעסירט מיכ.

איכ בינ בייז אפ זיכ אליינ, אונ בייז אפנ דיכטער, ווײַל מיר דוכט—אז אומזיסט קלײַבט ער זיכ אויס א שמאָלע אאודיטאָריע פונ עפעס באזונדערע אורמאנענ, וואָס זייערע אופנעמ־פייִקײַטנ זײַנענ העכער פונ מײַנע קויכעס אונ אויכ פונ מיליאָנענ אנדערע לייענער פונ אונדזער לאנד.

אָבער זײַנ „סטאלינ“ באווײַזט, וואָס מע קאָנ שאפנ, בײַקומענדיק דעמ דאָזיקנ אומקלאָרנ פלאָנטער פונ פאָרמעלע זוכענישנ.

איכ האָב געוואָלט זאָגנ וועגנ דעמיאנ בעדני. אָבער איצט וועל איכ זאָגנ, קעדיי ניט איבערכאזערנ זיכ, אז איכ פארייניק זיכ פולקאָמ צו דעמ, וואָס מע האָט דאָ גערעדט. גוט, ערלעכ אונ עמעסדיק האָט געזאָגט וועגנ ד. בעדני פאסטערנאק. ד. בעדני איז א גרויסער דיכטער פונ אונדזער לאנד. אינ זײַנ זשאנר איז ער דער איינציקער בא אונדז. דאָס איז א דיכטער א פובליציסט, וועמעס פאָשעטע בילדערישע שפראכ, וואָס איז זייער נאָענט צומ פאָלקלאָר, דערגייט צו די הערצער פונ מיליאָנענ מענטשנ. דעמיאנ בעדניס פארדינסטנ זײַנענ קאָלאָסאל, אונ איינע פונ זײַנע גרעסטע פארדינסטנ באשטייט אינ דעמ, וואָס ער דערנענטערט צו דער דיכטונג מיליאָנענ מענטשנ, וועלכע לייענענ אימ (אפּלאָדיסמענטנ).

בא דעמיאנ בעדני איז פאראנ נאָכ איינ גרויסע מײַלע, ער ווייס טיפ דאָס לעבנ אונ קאָנ שנעל זיכ אָפרופנ אפ זײַנע דערשײַנונגענ.

כ׳וויל זאָגנ עטלעכע ווערטער אויכ וועגנ דעמ אָפּטימיזמ פונ אונדזער דיכטונג—אנ אײגנשאַפט אונ א קוואליטעט, וואָס צײכנט זי אויס פונ דער דיכטונג פונ אנדערע עפּאָכעס אונ אנדערע לענדער. אונדזער אָפּטימיזמ איז אנ אָפּטימיזמ פונ א קלאס, וואָס אטאקירט אונ זיגט, אנ אָפּטימיזמ פונ א פאָלק, וואָס בויט זיגרײַכ א נײַ גליקלעכ לעבנ. דאָס איז דער אָפּטימיזמ פונ א פאָלק, וואָס גלײבט אינ זײַנ מאָרגנדיקנ טאָג, וואָס זעט דעמ דאָזיקנ מאָרגנדיקנ טאָג.

דעמ דאָזיקנ גלויבנ האָבנ אונדז געגעבנ די יאָרנ פונ שטורמישער בויונג אונ באוועגונג פאָרויס, די יאָרנ פונ זיגנ, וועלכע מיר האָבנ דערגרײכט אינ שרעקלעכנ קאמפ. נאָר זיסינקע מענטשנ האָבנ געקאָנט ניט זענ די שוועריקײַטנ פונ קאמפ. אָבער דערפאר גלויבנ מיר איצט אינ אונדזערע קויכעס, מיר ווײסנ אונדזער וועג, מיר זײַנענ פעסט, פעסט מיט דער זיכערקײַט אינ דעמ, אז דער מאָרגנדיקער טאָג וועט זײַנ נאָכ גלאנצנדיקער מער ווי הײַנטיקער. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

אָט פארוואָס עס איז אָפּטימיסטיש אונדזער דאָר, אונדזער עפּאָכע, די סאָוועטישע, די סטאלינישע. אָט פארוואָס עס איז אָפּטימיסטיש אויכ אונדזער פּאָעזיע. דאָס באטײַט, לאכלוטנ ניט, אז דער פּאָעט דארפ ניט זענ די שוועריקײַטנ. ערשט דאנ ווענ דער פּאָעט וועט זענ דאָס, וואָס אימ שטײט פאָר בײַצוקומענ אינ אונדזער קאמפ, אינ אונדזער באוועגונג פאָרויס, ערשט דאנ וועט ווי געהעריק זיכ ארויסווײַזנ די גאנצע איבערצײַגנדיקע קראפט פונ דער פּאָעזיע.

אונ, לעצטנס, וועגנ וואָס איכ וויל זאָגנ איז, וועגנ דעמ דיאפּאזאָנ פונ אונדזער טעמאטיק. מיר האָבנ אזא רײַכקײַט פונ טעמעס, וועלכע עס האָט ניט פארמאָגט קײנ אײנ פריִערדיקע עפּאָכע. אינ דער דאָזיקער רײַכקײַט פונ טעמעס אונ אויפגאבעס,—איז א געפאר צו בלײַבנ הינטערשטעליק, וואָס שטײט פאר אונדזער פּאָעזיע.

אונ אָט וויל איכ זיכ ווידער ווענדנ צו באָריס פאסטערנאקנ, זאָל ער אפּ מיר קײנ פאריבל ניט האָבנ.

(פּאסטערנאק: קײנמאָל קײנ פאריבל ניט געהאט).

פּאָשעט דערפאר, ווײַל איכ שעצ אימ זײער. איכ האָב אימ ניט וואָס צו לײַגנ. ער דארפ אויכ דיסקאָנטירנ די דאָזיקע געפאר.

איכ האָב הײַנט מיט גרויס פרײד געהערט, ווי ער האָט גערעדט וועגנ דער איבערבויונג פונ זײַנ פּאָעטישנ דיאפּאזאָנ, פונ זײַנ דיכטונג. דאָס איז מערקווירדיק.

אײַכ, באָריס פאסטערנאק, איז געגעבנ געוואָרנ א מערקווירדיקער לאָקאָמאטיוו. מיט דער הילפ פונעמ דאָזיקנ לאָקאָמאטיוו קאָנט איר שלעפּנ א גאנצנ באשטאנד נוצלעכע פראכט (אפּלאָדיסמענטנ).

ס׳וואָלט געווענ באלײדיקנדיק פאר מיר, ווענ איר וואָלט אויסגענוצט דעמ דאָזיקנ לאָקאָמאטיוו בלויז פאר אײנ פלאטפאָרמע. זאָל זײַנ, אז זי איז אָנגעלאָדנ אפילע מיט זײער ווערטפולער פראכט. איר דארפט פירנ א גאנצנ באשטאנד.

דער דיאפּאזאָנ פונ די טעמעס איז א קאָלאָסאלער. אונ קאָלאָסאל זײַנענ די אויפגאבעס. אָבער דאָס, וואָס אײניקע כאווײרימ רעדנ וועגנ א כאאָס אינעמ דיאפּאזאָנ איז ניט גאָר ריכטיק. אײניקע כאווײרימ האָבנ געזאָגט: מע קאָנ דאָכ ניט שרײַבנ די גאנצע צײַט וועגנ פּאָליטיק אונ וועגנ בויונג, מע דארפ שרײַבנ אויכ וועגנ ליבע. אָבער מע קאָנ ניט אנטקעגנשטעלנ דעמ סאָציאליזמ די שפּירונגענ פונ לעבעדיקנ מענטשנ. מע דארפ פארשטײנ,

אז דער סאָציִאַליזם דאָס איז א קאמפּ פארן סאמע פולבלוטיקן, סאמע רײַכן מיט עמאָציִעס, פארן סאמע העלן לעבן פון יעדן מענטשן (אפּלאָדיסמענטן).

בא אונדז האָבן זיך באוויזן נײַע טעמעס. און מיר זעען וויִאַזוי עס שטארבן אָפּ די אַלטע טעמעס. ווען איך קוק זיך אום אפּ צוריק, קאָן איך ניט ניט דערמאָנען אָן אופרעגונג, אזוינע טעמעס ווי דער טויט פון מענטשן.

בא אונדז איז די טעמע פון טויט אָפּגעפאלן, ווײַל אונדזער פּאָעזיע האָט זיך געווענדעט צום עמעסן לעבעדיקן מענטשן, צו זײַן פרוכטבארן און פארביקן לעבן. טאקע דערפאר, ווײַל דער סאָציִאַליזם האָט בא אונדז אופגעהויבן אפּ אן אומגעהויערער הויך די טעמע פון מענטשן, קאָנען ניט די דיכטער פון אונדזער לאנד ניט האסן די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג, בא וועלכער בלויז איינצלנע האָבן די מעגלעכקײַט צו האנאָע האָבן פון זייער עקזיסטענץ.

וועגן דער שוצ־ליטעראטור וועל איך ניט ריידן. אָבער צום שלוס וועל איך נאָך איבערכאזערן דאָס, וואָס איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט: איך אנערקען ניט קיין צעטיילונג פון דער סאָוועטישער ליטעראטור אפּ שוצ־ליטעראטור און ניט קיין שוצ־ליטעראטור (שטימען: ריכטיק. אפּלאָדיסמענטן). איך אנערקען ניט דערפאר, ווײַל אין אונדזער ווירקלעכקײַט קאָן מען ניט דורכפירן די דאָזיקע צעטיילונג. דאָס באשיצן אונדזער לאנד איז געוואָרן א פאָלקס־זאך. אלעקסיי סטאכאנאָוו איז א מערקווירדיקער מענטש פון זײַן לאנד, ער איז ניט פּאָשעט א פּאָרגעשריטענער מענטש אפּן פראָנט פון דער סאָציִאַליסטישער פּראָדוקציע, ער איז אויך אן אקטיווער בויער אפּ באשיצן זײַן סאָציִאַליסטיש פאָטערלאנד. אָט פארוואָס עס איז ניטאָ קיין שום אויספּײַנערײַ אין דעם, וואָס אפּ מאָרגן נאָכן באלוינען אים האָט ער אָנגעשריבן, אז ער נעמט אפּ זיך די פליכט צו ווערן איינער פון די סאמע טרעפלעכע וואָראָשילאָוו־שיסער אין אונדזער לאנד (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן).

און ווען דער דאַזיקער זאל, ווו עס האָבן זיך צונויפגעקליבן די בעסטע דיכטער און שרײַבער פון אונדזער לאנד, האָט נעכטן געקאָכט פונעם שטורעם פון די אפּלאָדיסמענטן לעקאָוועד דער ווײַטמיזרעכדיקער רויטער ארמיי, האָב איך באזונדערס קלאָר פארשטאנען, אז מע קאָן ניט טיילן די טעמעס פון אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור אפּ שוצ־טעמעס און ניט קיין שוצ־טעמעס. אינעם דונער פון די דאָזיקע אפּלאָדיסמענטן האָט אָפּגעהילכט אפּ דער גאנצער וועלט די ליבע פון די שרײַבער פון אונדזער לאנד צו זייער היימלאנד, זייער מערקווירדיקער פּאטריִאָטיזם, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיטן שלאכט־גײַסט פון באָלשעוויזם.

מע קאָן ניט שרײַבן אפּ דער טעמע וועגן דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, ניט ריידנדיק וועגן דער נײַער אייגנשאפט פונעם דאָזיקן מענטשן, וועגן דער נײַער נאָך בא אונדז דענקבארער ליבנדיקער באציִונג פון די פאָלקס־מאסן צו זייער מעלוכע און צו איר שוץ (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן).

דער כ׳ אסייעוו האָט געזאָגט, אז ער איז געווען אופגערעגט ווען ער איז ארויסגעגאנגען אפּ דער דאָזיקער טריבונע. איך בין אויך ניט אָן אופרעגונג ארויסגעגאנגען אפּ דער דאָזיקער טריבונע. אָבער דאָס איז געווען פריִער פון אלץ א פריידיקע אופרעגונג פונעם באוווסטזײַן, אז בא מיר, בא א מיליטער־מאן, איז פאראן אן אלגעמיינע שפּראך מיט אלע דיכטער און שרײַבער פון אונדזער גאנצן לאנד אין דער טעמע וועגן אונדזער סאָוועטישן פּאטריִאָטיזם, אין דער טעמע וועגן דער גרענעצלאָזער ליבע פון די סאָוועטישע מענטשן און פעלקער צו זייער סאָציִאַליסטישן היימלאנד, צו דער זאך פון לענין־סטאלין,

אונ יענע ארמײ—זאָלנ עס װיסנ אויכ די װײַטמיזורעכדיקע קעמפער אונ זאָלנ עס װיסנ אונ געדענקענ יענע מילכאָמע־אונטערצינדער, װאָס זעצנ פאָר די שמוציקע ארבעט אפ די װײַטמיזורעכדיקע גרענעצנ,—יענע ארמײ, װאָס דאָס פאָלק האָט זי ליב, די ארמײ װעמענ עס געהערט דאָס הארצ פונ דיכטער, די דאָזיקע ארמײ איז ניט געװאקלט אונ אומבאזיגבאר (שטורמישע דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, װאָס גײענ אריבער אינ אנ אָװאציע. שטײענדיק באגריסט דער זאל דעמ כ׳ אײדעמאנ).

---

# פאשיזמ דאָס איז אומקומ פאר דער קולטור

## רעדע פונ כ׳ בעכער

(דײַטשלאנד)

איכ טראָג אָפּ אײַערע באגריסונגענ צו דער העראָישער דײַטשישער קאָמוניסטישער פארטײ, אינ װעלכער איכ האָב געארבעט אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער באליבטנ ערנסט טעלמאנענ (שטורמישע דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, װעלכע גײענ איבער אינ אנ אָװאציע. דער זאל שטײט אופ).

(אײדעמאנ: זאָל לעבנ אונ געזונט זײַנ דער כ׳ ערנסט טעלמאנ! הורא! אויסגעשרײענ הורא!).

ארויסטרעטנדיק הײַנט װײס איכ, אז איכ רײד אינ נאָמענ פונ די דײַטשישע שרײַבער, װאָס ארבעטנ אומלעגאל אינ דײַטשלאנד אונ איכ װיל אָנהײבנ מײַנ רעדע מיטנ דערמאָנענ דעמ נאָמענ פונעמ יונגנ דײַטשישנ ארבעטער־שרײַבער פראנצ בראונ, װעלכער איז דערמאָרדעט געװאָרנ דורכ די פאשיסטנ (באמ דערמאָנענ דעמ נאָמענ פונ כ׳ פראנצ בראונ שטײט דער זאל אופ).

איכ װענדע זיכ צו אײַכ אפ דער שפראכ פונעמ פאָלק, װאָס האָט פארלאָרנ די פרײַהײַט. דאָסדאָזיקע פאָלק, װאָס איז אָנ פרײַהײַט איז הײַנט א פאָלק אָנ פּאָעזיע.

די גרויסע דײַטשישע פּאָעזיע, װאָס איז געבליבנ אָנ א פאָטערלאנד בא זיכ װענדעט זיכ צו אונדז.

מיר זײַנענ אירע יאָרשימ. אונדז איז אָנגעקומענ א ירושע, װאָס אונטער איר לאסט זײַנענ אײניקע פונ אונדז שוינ געפאלנ, ארויסװײַזנדיק זיכ אלס שװערע עפּיגאָנענ. אָבער מיר, די זינ פונ פּראָלעטאריאט פונעמ גרעסטנ אונ לעצטנ שעפערישנ קלאס פונ דער װעלט פארמאָגנ גענוג פעסטע פלײצעס אפ נעמענ אפ זיכ דידאָזיקע ירושע אונ הויכ זי דורכטראָגנ דורכ צײַטנ (אפלאָדיסמענטנ).

דער גורל פונ דער גרויסער דײַטשישער פּאָעזיע איז אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיט דעמ העראָישנ אומלעגאלנ באפרײַונג־קאמפּ אינ דײַטשלאנד זעלבסט אונ מיט דער בויונג פונ סאָציאליזמ אינ פססר, אזוי אויכ מיט דער שעפערישער ארבעט פונעמ גרויסנ סטאלינענ.

צוזאמענ מיט די רעװאָליוציאָנערע פּאָעטנ װענדעט זיכ צו אײַכ די גאנצע גרויסע דײַטשישע פּאָעטישע טראדיציע,—צו אײַכ—צומ פאָטערלאנד פונ אלע ארבעטנדיקע.

מיט פּאָעזיע איז בעסער אונ גרינגער צו לעבנ. מיט דער סטראָפע אפ די ליפנ זײַנענ מענטשנ געגאנגענ צומ טויט. מיר װײסנ פונ שלאכט־לידער אונ שורעס, װעלכע זײַנענ אײַנגעקריצט אפ די קװאָרימ־ברעטלעכ. די העלדנטאטנ פונ די העלדנ, װעלכע זײַנענ איבערגעגעבנ

געוואָרנ אינ די לידער האָבנ איבערגעלעבט יאָרהונדערטנ. די עפּאָכעס האָבנ זיכ איינס דעמ אנדערנ פארשטאנענ אדאנק די לידער.

יעדער געדיכט איז—א ריזיקע. דער סאָציאַליזמ האָט אונדז געגעבנ א גרויסע זיכערקײַט, אָבער דידאָזיקע זיכערקײַט איז גרינג אויסצונוצנ ניט אזוי ווי מע דארפ. מיר דארפנ אָפּהיטנ אונדזער שעפערישע אומרויִקײַט אויכ אינ דער עפּאָכע פונ גליקלעכער פארמעגלעכקײַט, די זעלבע שעפערישע אומרויִקײַט, וועלכע האָט אונדז אמאָל געצוווּנגענ אָנצושרײַבנ אונדזערע ערשטע לידער. מיר דארפנ באזיצנ די שעקספּירישע „מאגיע פונ פארפאָלגונג" מיט וועלכע ס'צייכנט זיכ שטענדיק אויס אנ עמעסער דיכטער. אונדזער לײַדנשאפטלעכקײַט טאָר ניט לײַדנ פונ דעמ, וואָס הײַנט האָבנ מיר זיכ אויסגעלערנט צו טראכטנ ריכטיקער. מע דארפ ניט, מע זאָל ווענ עס איז אינ דער צוקונפט קענענ זאָגנ: דאָס איז געווענ א צײַט א רײַכע, רײַכ מיט קאָרבאָנעס אונ העראָיִזמ ווי אינ קיינ איינ אנדער צײַט. זי איז געווענ רײַכ אויכ מיט דער שפּיל פונ אלע מענטשלעכע לײַדנשאפטנ, נאָר די פּאָעזע איז אינ יענער צײַט געווענ אָפּגעשטאנענ אונ אָפּגעשוואכט. אונדזער פּאָעזיע דארפ זײַנ אזא, אז מע זאָל קענענ דערלערנענ דידאָזיקע צײַט, ניט בלעטערנדיק די צײַטונגענ, נאָר לייענענדיק אונדזערע לידער. אונ קעריי ס'זאָל זיכ אונדז אײַנגעבנ אָפּשפּיגלענ דידאָזיקע צײַט, אָפּשפּיגלענ זי פאר דער צוקונפט דארפנ מיר לעבנ מיט לײַדנשאפטלעכער שפּאנונג.

אויב אונדז וועט זיכ אײַנגעבנ שאפנ אזא פּאָעזיע, וועט דער פאשיזמ, אויב ער וועט ווענ עס איז וואגנ אונדז אטאקירנ, וועט אָפּגעשלײַדערט ווערנ (אפּלאָדיסמענטנ). די וועלט וועט וויסנ,—דער פאשיזמ פאלט אָנ אפ דאָס גרעסטע, אפ דאָס קלוגסטע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ ווענ עס איז דורכ דער מענטשהײַט; ער פאלט אָנ אפ דער סאמע ווערטפולער ארבעט פונעמ מענטשנ; ער פאלט אָנ אפ דעמ סאמע פולקומענ אויפנ פונ ליבע. ער פאלט אָנ אפ דער העכסטער פאָרמ פונ דער מענטשלעכער געזעלשאפט אונ מענטשלעכע באציִונגענ; ער פאלט אָנ אפנ נײַעמ טיפּ מענטש, וואָס דער פּראָטאָטיפּ, זײַנער איז סטאכאנאָוו. די גאנצע וועלט וועט דערוויסנ זיכ: פאשיזמ—דאָס איז אנ אטענטאט אפנ לעבנ גופע. אונ ווענ מיר פּאָעטנ וועלנ צולייגנ אונדזערע קויכעס אפ אָפּשטעלנ די האנט פונ פאשיזמ, די האנט, וועלכע איז שוינ אויפגעהויבנ געוואָרנ אפ א קלאפּ טאָנ, וועט די דאָזיקע האנט אָנמעכטיק אראָפּפאלנ (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ, אלע שטייענ אויפ).

## רעדע פונ כ' יאקוב קאָלאס

(פאָלק־דיכטער פונ דער ווײַסרוסלענדישער רעפּובליק)

כאווײרימ, דער ציל פונעמ דאָזיקנ פלענומ, ווּ עס פארנעמענ דאָס הויפּט־אָרט פראגנ פונ דיכטונג, באשטייט אינ דעמ, מיר זאָלנ אונטערפירנ די סאכאקלענ פונ אונדזערע דערפאָלגנ אונ פעלערנ אפנ געביט פונ פּאָעזיע, אָנמערקנ אונ פארטיילנ די וועגנ פונ איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ, עטלעכע באמערקונגענ וועגנ דער ווײַסרוסישער פּאָעזיע. דער פּאָרטרעגער כאווער אלעקסאנדראָוויטש האָט שוינ אינגאנצנ ריכטיק אָפּגעמערקט אירע דערפאָלגנ. דידאָזיקע דערפאָלגנ זײַנענ קענטיק פריִער פונ אלצ אינ דעמ, וואָס די ווײַסרוסישע פּאָעזיע גייט צו הארט צו די קאָנקרעטע לעבנ־פאקטנ פונ אונדזער סאָוועטישער

ווירקלעכקייַט אונ, אז די דיכטער אליינ גייענ אומאָפּנוויגלעכ אפּנ וועג פונ זייער שעפערי־
שער אנטוויקלונג אונ אידייִשנ ווּקס.

דידאָזיקע דערפאָלגנ זייַנענ געקומענ אויכ אדאנק די קוואליטאטיווע ווייַזער פונ אונ־
דזער פּאָעזיע: פונ פלאקאט־ארטיקער סכעמאטישקייַט פונ ווערטער־געריוש, מיט וואָס עס
האָבנ נאָכ גאָר ניט לאנג געזינדיקט אונדזערע דיכטער, גייענ זיי אריבער צומ לעבעדיקנ
קאָנקרעטנ מענטשלעכנ געפיל, צומ נייַעמ סאָוועטישנ מענטשנ אינ זייַנ שטייגערישער אומ־
געבונג, אינ זייַנ ארבעט, אינ זייַנ קאמפּ פאר דער זאכ פונ סאָציַאליזמ.

צוזאמענ מיט דעמ האָבנ אונדזערע דיכטער, ווי דערזעלבער אלעקסאנדראָוויטש,
בראָווקאָ, גלעבקאָ, קוליאשאָוו, כאדיקאָ א. אנד. האָבנ באהערשט אינ א באדייַטנדיקער
מאָס די טעכניק פונ דער ליד, די מעטאָדיק פונ ריטמ, דעמ פּאָעטישנ לעקסיקאָנ, די
געשטאלט.

איכ האָב גאָרניט אינ זינענ צו פארמינערנ די קוואליטעט פונ אנדריי אלעק-
סאנדראָוויטשעס זייער גוטנ פּאָרטראַנ ווענג דער ווייַסרוסישער פּאָעזיע, ווענג אירע
אָנצווייפלדיקע דערפאָלגנ, אָבער אויב ווענ מע דערמאָנט זיכ ווי בעעמעס גיגאנטיש עס
באוועגט זיכ פאָרויס דער אלגעמיינער פארמעסט פונ אונדזער סאָציַאליסטישער בויונג,
ווילט זיכ ארויסשטעלנ פאר דער פּאָעזיע ערנסטערע פאָדערונגענ אונ אָפּמערקנ יענע פע־
לערנ, וועלכע מע זעט באזונדערס אפּנ פאָנ פונ די אלגעמיינע דערפאָלגנ פונ אונדזער
ווּנדערלעכנ אויסשליסלעכנ היימלאנד.

פאר דער ווייַסרוסישער פּאָעזיע, אינ דער פּערזאָנ פונ אירע טאלאנטפולע פאָרשטייער,
שטייט פאָר אינ דער צוקונפט א גרויסע ארבעט אפּ צו דערשלאָגנ זיכ די ווירקלעכע מייַס־
טערשאפט אונ ברייטנ דיאפּאזאָנ. דאָס האָט א שייַכעס צו אלע ווייַסרוסישע דיכטער אָנ
אויסנאמ.

די ווייַסרוסישע דיכטונג לייַדט צוליב דער שמאָלקייַט פונ איר פּאָעטישנ האָריזאָנט,
זי קענ נימ ארומכאפּנ ברייט אונ טיפּ די לעבנ־דערשייַנונגענ, איר פעלט די ברייטקייַט
פונ פאראלגעמיינערונג.

עס לאָזט זיכ בא איר מערקנ טרוקנקייַט, צעשוווּמענקייַט, דאָס ניט קענענ קאָנצענטרירנ
די געדאנקענ אונ געפילנ אינ איינ אלגעמיינעמ קינסטלערישנ קאָמפּלעקס. דידאָזיקע פע־
לערנ זעט מענ בעסער דאָרטנ, ווו די אויטערס פּרוּווּנ געבנ א גרויסנ פּאָעטישנ לייַוונט,
ווייַל דאָ פאָדערט זיכ א גרויסע פּאָעטישע מייַסטערשאפט, א גרויסע פּאָעטישע קולטור
אונ אויכ אנ אלגעמיינע טעאָרעטישע צוגרייטונג, וואָס ווייניק ווער פונ אונדזערע ווייַס־
רוסישע דיכטער קענענ צומ באדויערנ בארימענ זיכ מיט דעמ.

אויב דער מייַסטער פונ קינסטלערישנ וואָרט וועט ניט שטיינ אפּנ ניוואָ אפילע פונ
די אלגעמיינע יעדיִעס פונ זייַנ עפּאָכע, אויב ער וועט ניט ארייַנעמענ אינ זיכ די גרונט־
לעכע פילאָסאָפישע טענדענצנ פונ זייַנ קלאס, קענ ער ניט געבנ קיינ טיפנ פּאָעטישנ ווערק,
וואָס איז ווערט זייַנ עפּאָכע אונ איז פייִק צו באוועגנ די מאסנ פאָרויס. אָבער טעאָרע־
טישע קענטענישנ אליינ איז אויכ ווייניק. עס זייַנענ נייטיק גרויסע פּראקטישע לעבנ־קענ־
טענישנ, באאָבאכטנ איבערנ לעבנ, אופמערקזאמ דערלערנענ די אָביעקטנ פונעמ שאפנ
אונ אויספירלעכ אייַנגעשפּארט ארבעטנ איבער דער קאָמפּאָזיציאָנעלער סטרוקטור פונ
זייערע ווערק אונ אפּ אלע זייערע דעטאלנ.

אונ דער גרונט־פעלער איז — איכ האָב אינ זינענ די ווייַסרוסישע דיכטער — אינ דעמ,
וואָס מיר זייַנענ שוואכ פארבונדנ מיטנ לעבנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, ווו עס קומענ

פאָר קאָלאָסאלע היסטאָרישע פראָצעסן, ווו עס ווערט געבוירן אין דער שמידערײַ פון דער באפרײַונג־ארבעט דער נײַער סאָציאַליסטישער מענטש. מיר זעען דידאָזיקע מאסן עפּיזאָדיש, אויבערפלעכלעך, ניט פול, און דידאָזיקע אלע גראנדיעזע פראָצעסן גייען דורך פאר בײַ אונדז. ביז איצט האָבן מיר ניט באוויזן ווי געהעריק ארײַנגיסן זיך אינעם דאָזיקן שעפערישן שטראָם פון ארבעט אפ צו דערזען און דערקענען אין זײַן גאנצער פארכאפנדיקער פארשיידנארטיקײַט.

דער רעזולטאט פון דאנען איז א פּאָשעטער און א קלאָרער. מע דארף אָפטער און לענגער ארײַנלאָזן זיך אינעם דאָזיקן שטראָם פון לעבן, קעדיי צונויפזאמלען און אפן אָרט דערלערנען די מאטעריאלן און לערנען זיך צו באנוצן זיך מיט זיי, דאן וועט אונדזער פּאָעזיע אן אָנגעזעטיקטע מיט דער פארביקײַט פון ווירקלעכע לעבנ־פאקטן און געשטאלטן, וועט זי זײַן ווירקלעך עולוערטיק.

אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי האָט אין איינעם פון זײַנע לעצטע ארטיקלען: „פון די סאָנים פון דער געזעלשאפט—ביז ארבעט־העלדן” געשריבן:

„אונדזערע ליטעראטן קענען זיך נאָך אלץ ניט אנטשיידן צוטרעטן צום פאנאנדערארבעטן טיף ערנסטע טעמעס, וועלכע די ווירקלעכקײַט זאָגט זיי אונטער און וואָס אפ זייער פאנאנדערארבעטונג ווארט אונדזער יונגער לייענער. די טעמע: סאָציאַליסטישע ארבעט אלס דערציִער פון נײַעם מענטשן; די טעמע: פראָלעטארישער הומאניזם, דאָס איבערשמידן די קינדער פון קליינבירגערטום אין ארבעט־העלדן; די טעמע: די פרוי—דער אָרגאניזאטער פון דער ארבעט און פיל אנדערע ענלעכע אינטערעסאנטע טעמעס ווערן נאָך ניט פאנאנדערגעארבעט. וואָס איז עס אזוינס,—פרעגט צום סאָף אלעקסיי מאקסימאָוויטש,—צי עס פעלט אָט דער פארלאנג אָדער עס פעלט פאנטאזיע?”

מיר דוכט, אז די זאך איז דאָ ניט אין דעם, וואָס עס פעלט דער פארלאנג אָדער עס פעלט פאנטאזיע, נאָר טאקע אין דעם, וואָס מיר זײַנען שוואך פארבונדן מיט דער לעבעדיקער ווירקלעכקײַט, מיטן ווירקלעכן שעפערישן לעבן פון די ארבעטנדיקע מאסן, וואָס בויען העראָיִש א נײַ־לעבן אונטער דער אָנפירונג פון אונדזער פארטיי.

כאווײרים, מיר ריידן אסאך וועגן ליטערארישער בילדונג, דאָס איז נאטירלעך, דאָס איז נייטיק, אָבער מיר ווענדן ווייניק אופמערקזאמקײַט אפ איינע זייער וועזנטלעכער זאך אפן אונטעריכט פון ליטעראטור און דיכטונג אין אונדזער שול, אפ דער קינסטלערישער דערציִונג פון אונדזער שול־יוגנט. אגעוו, איז דידאָזיקע זאך אוועקגעשטעלט געוואָרן זייער שלעכט. א גאנצע ריי פּאָרגעשריטענע שרײַבער אונדזערע, פאר וועלכע די פראגן פון פּאָעזיע און פון קינסטלערישער דערציִען די קינדער זײַנען נאָענט און טײַער און וועלכע קומען אין בארירונג אומיטלבאר מיט די קינדער, ווי די כאווײרים מארשאק, טשוקאָווסקי א. אנד. — האָבן שוין ניט איינמאָל דערקלערט וועגן דעם אין דער פרעסע. ביז איצט האָט די שול ניט באוויזן צו פארינטערעסירן, צו פארכאפן מיט דער שיינקײַט פון דער ווירקלעכער דיכטונג אירע שילער. זי האָט ניט באוויזן אנטפלעקן די קוואלן פון דער דאָזיקער שיינקײַט דורכן קינסטלערישן אנאליז פון פּאָעטישן ווערק. פאר אסאך שילער—ווי עס באהויפטן די זעלבע שרײַבער,—רופן ניט ארויס די נעמען פון פושקינען, לערמאָנטאָוון און פון אנדערע קלאסיקער, גרויסע וואָרט־קינסטלער, יענע הארציקע באגײַסטערונג, וועלכע זיי פארדינען. נאָכמער, אונדזער שול גיט ניט די קינדער אפילע די עלעמענטארע יעסוידעס פון די פּאָעטישע קענטעניש, אנטפלעקט ניט די ספּעציפיק פון פּאָעטישן ווערק. איך האָב פאקטן, ווען מענטשן, וואָס האָבן פארענדיקט מיטעלע און פולע

העכערע שולנ און וואָס פרווונ זייערע קויכעס אינ פאָעטישנ שאפנ, ווייסנ ניט עלעמענטארע זאכנ — זיי ווייסנ ניט, וואָס איז אזוינס די טעכניק פונ פאָעטישנ שרײַבנ. וואָס איז עס, — פרעגנ זיי, — קענענ ריכטיק צעשטעלנ די אָפּשטעל־צייכנס, אָדער ס'איז עפּעס אנ אנדער וויסנשאפט.

אינ אזא צושטאנד געפינט זיכ דער אונטעריכט פונ קינסטלערישע ליטעראטור אינ די שולנ ביכלאל. וואָס אמבאלאנגט די שולנ פונ ווססר, איז דאָ אינ דער הינזיכט גאָר שלעכט. מע קענ זאָגנ זיכער, ניט באגייענדיק קיינ פעלער, אז די קינסטלערישע דערציִונג ווערט דאָ קימאט ניט דורכגעפירט. ס'איז גענוג צו זאָגנ, אז קיינ לערנביכער אפ ליטעראטור זײַנענ ניטאָ. דעמ קינסטלערישנ מאטעריאל קלײַבנ אָפּ אינ די ביכער פאר דער שול מענטשנ מיט וויניק פראקטיק אינ פראגעס פונ פאָעזיע. אונדזערע לערער פונ דער שפּראכ־גראמאָטע קומט אויס צו באנוצנ זיכ מיט צופעליקע ארטיקלענ וועגנ פראגעס פונ קינסטלערישער ליטעראטור, אָפט ווידערשפרעכלעכע, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ צופעליק, אָפּהענגיק פונ דעמ אָדער יענעמ שטאנדפונקט פונ שרײַבער, פונעמ שטרענג; אָדער צופיל הומאנישנ קריטיקער.

אינ פאָלקאָמבילד וועט איר ניט געפינענ די טעאָריע פונ ליטעראטור אינ דער פּראָגראמ אפ ווײַסרוסישער ליטעראטור פאר די עלטערע קלאסנ פונ דער מיטל־שול. אזא לאגע קענ ניט זײַנ אפ ווײַטער. דער שרײַבער־פּלענומ דארפ דערקלערנ וועגנ דעמ אינ זײַנ רעזאָליוציע, ער דארפ דערקלערנ אנטשיידנ. מיר ווייסנ וואָס פארא גרויסע שטרעבונג עס איז פאראנ בא די ארבעטנדיקע צו דער ווירקלעכער קולטור און צו דער קינסטלערישער ליטעראטור. די שול דארפ זיכ זאָרגנ אינ דער ערשטער ריי וועגנ דעמ, אז אונדזער יונגער לייענער זאָל באקומענ אינ שול די יעסוידעס פונ דער קינסטלערישער דערציִונג.

אָבער וואָס באקומט זיכ און וואָס קענ זיכ באקומענ? די דיכטונג שטייט אָפּ פונ לעבנ. די שול שטייט אָפּ פונ דער דיכטונג. אָבער די דיכטונג פארשטייט איר אָפּגעשטאנענקײַט, זי שטרענגט זיכ אָנ אפ בײַקומענ זי, און מע דארפ טראכטנ, אז דידאָזיקע אָנשטרענגונגענ וועלנ זיכ פארענדיקנ מיט דערפאָלג. צומ באדויערנ מאכט ניט אפילע די שול אינ געגעבענעמ פאל קיינ ערנסטע פרווונ בײַצוקומענ איר אָפּגעשטאנענקײַט פונ דער דיכטונג און פארשטייט עס אפילע ניט, דארפ מענ טראכטנ, אינ דער גענוגנדיקער מאָס. אינ רעזולטאט קענ זיכ באקומענ אנ אײַנרײַס צווישנ דער פאָעזיע און איר מאסנ־לייענער, ווי ס'איז געווענ פריִער בא אונדז און עס באמערקט זיכ איצט אפ מײַרעוו. דאָס דארפ מענ ערנסט דיסקאָנטירנ און באצײַטנס פארניכטנ דידאָזיקע ניט נאָרמאלע דערשײַנונג.

עס פרייט זייער יענער פאקט, וואָס אונדזער פלענומ איז א בולעטע דעמאָנסטראציע פונ פרײַנטשאפט און פונ קעגנזײַטיקנ פארשטיינ צווישנ די ברידערלעכע ליטעראטורנ פונ די פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד. ס'איז געווענ פריידיק צו זענ און צו הערנ וועגנ די רוסישע שרײַבער, וואָס זײַנענ ארויסגעטראָטנ אפ דערדאָזיקער טריבונע, האָבנ גערעדט וועגנ די ליטעראטנ פונ ארמעניע, באשקיריע, גרוזיע, אוקראִינע, ווײַסרוסלאנד גאנצ ברייט און פולקאָמ, אָריִענטירנדיק זיכ אינ די פראגעס פונ דידאָזיקע ליטעראטורנ.

טאָ זאָל אויכ אפ ווײַטער לעבנ, אנטוויקלענ זיכ, פעסטיקנ זיכ דידאָזיקע סטאלינישע פרײַנטשאפט פונ די פעלקער פונ אונדזער מעכטיקנ סאָוועטנפארבאנד, דידאָזיקע קעגנזײַטיקע פארבינדונג אונדזערע, אונדזער גרויסע אלגעמיינע זאכ.

# רעדע פון כ׳ איזי כאריק

דעם כ׳ סטאלינס ווערטער וועגן מאיאקאָווסקען איז פאר אונדז אן אויסגאנג־פונקט אין אונדזערע שטרײַטן ארום פּאָעזיע און אין אונדזערע פאָדערונגען צו זיך אליין. אונדזער גאנצע פילשפּראכיקע סאָוועטישע פּאָעזיע, ווי אויך די רעוואָליוציאָנערע דיכטונג אין אויסלאנד זײַנען מאיאקאָווסקיס עמעסע פּאָרזעצער.

אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג איז געווען זייער שטארק די מעכטיקע און פרוכטבארע ווירקונג פון מאיאקאָווסקען. ער האָט געווירקט קימאט אף אלע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער, ווען עס איז אויסגעקומען מער אָדער ווייניקער בײַקומען אין זיך עלעמענטן פון שטעטלדיקער באגרענעצטקײַט. אסאך ייִדישע רעוואָליוציאָנערע דיכטער פון אמעריקע און אייראָפּע זײַנען אויך אין א באדײַטנדיקער מאָס באווירקט געוואָרן פון מאיאקאָווסקען.

נאָר די כאווײרים, וועלכע האָבן אויסערלעך אופגענומען און פארשטאנען מאיאקאָווסקען האָבן פארשפּרייט א לעגענדע, אז מאיאקאָווסקי איז אנטילירישׁ, און נאָך עכטער דיכטונג דארף מען זיך לאָזן אין די אינטימע זײַדענע בודוארן.

מאיאקאָווסקי איז פאר אונדז אלעמען טאקע דערפאר א מוסטער, ווײַל אין זײַן דיכטונג איז ניטאָ קיין צווייענדיקע בוכהאלטעריע. אף פלעצער, צווישן מענגעס, פילט ער זיך אזוי ווי בא זיך אינדערהיים, און אין זײַן ברייט צעעפנטן צימער גייט ארײַן פרײַ די קעמפערישע גאס. ניטאָ קיין אײַנרײַס.

אגעוו, האָט הײַנט דער כ׳ בעזימענסקי ניט ריכטיק געפרוווט קעגנשטעלן דיכטונג אף שוואכע לידער און אף פאָרמאליסטישע פליטערלעך. און דערבײַ איז ער פאר דעם ערשטן מין דיכטונג. מיר דארפן ענטפערן, אז אויך דאָ דארף מען ניט אײַנטיילן, ווײַל סײַ דאָס ערשטע, סײַ דאָס צווייטע טויג נישט.

מאיאקאָווסקי איז אונדז נאָענט דערפאר, ווײַל ער האָט אויסגעלאכט פארשיידענע שאמאנעס און „קויהאנים“ פון דער דיכטונג, פסעוודאָקאָמפּליצירטקײַט; נאָך זײַן דיכטונג וערט שווער פארשיידענע דיכטער צו פארשליסן זיך אין די ענגע צימערלעך פון דער אייגענער קלוימערשטער פּאָעטישער גרויס און אפּאָליטישער קלוימערשטער אייביקײַט.

ער איז פאר אונדז דערפאר א מוסטער, ווײַל ער איז געווען אקטיוו, אידייִש אָנגעזעטיקט, ווײַל ער איז געווען א דרייסטער נאָוואטער, ווײַל ער האָט געשאפן דרייסטע וואונדערבארע בילדער און אין דער זעלבער צײַט איז ער ניט געווען קיין דיכטער פון פארשיידענע סאלטא־מאָרטאלעס און פון מעשונעדיקע ווערטער־קונצן. ער איז דער דיכטער ניט פון אָפגעריבענע, זאָל זײַן אפילע אויסגעצייכנטע שורעס אָדער סטראָפעס, נאָר דער דיכטער פון גאנצע, לײַדנשאפטלעכע, אידייִש־אָנגעזעטיקטע, ליריש־דראמאטישע לידער.

ער האָט זיך ניט גרימירט פאר אן אייראָפּייער און אין דער זעלבער צײַט האָט ער געהאט די שטארקסטע ווירקונג אף די רעוואָליוציאָנערע שרײַבער פון אייראָפּע. ער איז געווען איינער פון די סאמע אינטערנאציאָנאלע דיכטער, און אין דערזעלבער צײַט איז ער נאציאָנאל לויט דער פאָרם און נוצט אויס ברייט די פאָלק־שפּראך און דעם פאָלקלאָר. דאָס זײַנען אלץ יענע אייגנשאפטן אָן וועלכע אונדזער סאָוועטישע דיכטונג קאָן זיך ניט באגיין. עס איז אויך קעדײַ צו באנירן דאָ אויך אונדזער אָפּטימיזם אין צוזאמענהאנג מיט מאיאקאָווסקען.

מאיאקאָווסקי איז אָפּטימיסטיש, זייַנ אָפּטימיזמ איז אנ אקטיווער, א דראמאטישער, ווי א רעזולטאט פונ גרויסע לייַדנשאפטנ. דעריבער איז זייַנ אָפּטימיזמ אנ עמעסער, דעריבער איז ער אונדזערער.

עס באמערקט זיכ דאָכ, צומ באדויערנ, בא אייניקע דיכטער אנ אויבערפלעכלעכער אָפּטימיזמ, אנ אָפּטימיזמ, וואָס טוט נאָר איינס—ער האלט שטענדיק אנ אָפּענעמ מויל אונ לאכט; דעריבער רעדט אזא אָפּטימיזמ' זייער ווייניק: גיי רייד מיט א שטענדיק אָפּענעמ מויל. דאָס איז אנ אָפּטימיזמ, וואָס האָט מוירע פאר דער שפּיל פונ ליכט אונ שאָטנ, אזא אָפּטימיזמ האָט ניט קיינ מאמאָשעס אונ קיינ לייַב אונ לעבנ.

מאיאקאָווסקעס אָפּטימיזמ איז א דראמאטישער, אינ אימ לאָזנ זיכ הערנ, וואָלט איכ געזאָגט, אפילע טענער פונ טראגישקייַט. דאָס לעצטע דערקלערט מענ שטענדיק אונ אויסשליסלעכ מיט זייַנ, אויב צו זאָגנ, צעצווייטער נעשאָמע. דאָס איז ניט ריכטיק.

אונדזער אָפּטימיזמ פאָרט זיכ ניט מיט טראגיזמ אינ אלטנ באטייַט פונ דעמ דאָזיקנ וואָרט. דאָס זייַנעג מאָמענטנ, וואָס זייַנענ קעגנזעצלעכ איינער דעמ צווייטנ. אָבער דראמאטיזמ, אפילע אייניקע עלעמענטנ פונ טראגישקייַט, וואָס ווערנ באזיגט, פאסנ זיכ אייַנ אינ אונדזער אָפּטימיזמ. מיט וואָס פארא דראמאטיזמ אונ טיפנ אָפּטימיזמ עס איז דורכגעדרונגענ צ, ב., ניקאָלייַ טיכאָנאָווס מערקווירדיקע ליד „די באלאדע וועגנ טשוועקעס“, ווי אויכ זייַנ גאנצע מענערישע שטארקע פּאָעטישע שטימ. (אפּלאָדיסמענטנ).

איינער פונ די יונגע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער האָט זיכ דאָ ניט לאנג אינ א ליד אויסגעדריקט אז כאָטש הארגע אימ, ווייס ער ניט, וואָס איז אזוינס א טרער.

אָבער טרערנ צו טרערנ זייַנענ ניט גלייַכ.

אָט האָבנ דעמ 31־טנ דעקאבער, פאָריקנ יאָר, די סטאכאנאָווצעס פונ דער מינסקער פאבריק „קאָמונארקע“ ביז מיטיק איבערגעשטיגנ די גאנצע טאָג־פּראָגראמ, די אָנפירונג פונ פאבריק באגעגנט די ארבעטער ווי זיגער. אינ קיכ באגעגנט מענ זיי מיט מוזיק. אנ אלטע שוינ עטוואָס אייַנגעהויקערטע ייִדישע ארבעטערנ, איינע פונ די ערשטע סטאכאנאָווקעס האָט פלוצלינג אָנגעהויבנ וויינענ. זי האָט זיכ דערמאָנט דעמ אלטנ ייִדישנ שפריכוואָרט: „ווענ עס קומט צומ לעבנ קומט דער טויט“. אָבער לעבנ איז דאָכ געוואָרנ אזוי גוט אונ עס ווילט זיכ איר אינגאנצנ אָפּפרעגנ דעמ אלטנ ייִדישנ אָפּגעלעבטנ שפריכוואָרט. זי האָט געוויינט, אָבער דאָס זייַנענ געוועזנ פריידיקע טרערנ (אפּלאָדיסמענטנ), ווייַל די דאָזיקע טרערנ זייַנענ מער אָפּטימיסטיש איידער די זיסלעכע שטימענ פונ די גלייַכגילטיקע דיכטער.

צומ באדויערנ רעדט מענ בא אונדז זייער ווייניק וועגנ איינעמ פונ די צענטראלסטע מאָמענטנ פונ אונדזער דיכטונג—וועגנ דעמ קוואליטאטיוו־אבסאָליוט נייַעמ צוגאנג צומ לעבנ. די סטאכאנאָווישע באוועגונג רוקט ארויס פאר אונדז ניט נאָר אנ ערנ־אויפגאבע—אָפּצושפּיגלענ די סטאכאנאָווצעס, נאָר זי פאָדערט אויכ פונ אונדז אנ אנדערנ, גאָר א נייַעמ צוגאנג צומ לעבנ, צו זאכנ, צו סיוזשעט אונ אפילע צומ באנעמענ צייַט.

ווענ די וויניצער קאָלווירטניצע האָט דערציילט אפ דער בעראטונג פונ די פינפהונדערטלערנס, אז איר בריגאדע האָט באשלאָסנ הע לפנ מאריִא דעמטשענקאָ מיט דעמ וואָס זי וועט אריבערשטייַגנ די רעקאָרדנ פונ מאריִא דעמטשענקאָ, זעענ מיר דאָ אבסאָליוט נייַע באגריפנ וועגנ הילפ, א נייַע לייזונג, וואָלט איכ געזאָגט, פונ נייַע „קאָנפליקטנ“ אגעוו, אזוינע צווישנבאציִונגענ זייַנענ צומ באדויערנ ניטאָ נאָכ אינ אונדזערע שרייַבע־

רישע רייען (אפלאָדיסמענטן). עס וואָלט גאָרניט געשאדט מיר זאָלן זיך אָפלערנען פון דער דאָזיקער וויניצער קאָלווירטניצע.

לאָמיר, א שטייגער, נעמען דעם שרײַבער, וועמען עס וועט אויסקומען באשרײַבן יענע געציילטע שעה אין דער נאכט אפן 31־טן אווגוסט 1935 י., ווען אלעקסיי סטאכאנאָוו האָט זיך אראָפגעלאָזן אין שאכטע און פון דאָרט האָט ער זיך שוין אומגעקערט מיט א פאראלגעמיינערטן נאָמען—סטאכאנאָוועץ,—דער דאָזיקער שרײַבער וועט זײַן געצווונגען גאָר אפ אנדער אופן צו ריידן וועגן צײַט.

צי דען ווערן די דאָזיקע שאָען פאָשעט בלויז געקייפלט אפ 60 מינוט (אפלאָדיסמענטן).

צי דען איז יעדער הויב פון סטאכאנאָווישן האמער ניט געווען עפאָכיאַל?

אָן דעם נײַעם צוגאנג צו אונדזערע געשעענישן וועלן מיר זיך ניט באגיין. ניט אומזיסט האָבן מיר אלע גוט פארגעדענקט ניקאָלײַ דעמענטיעווס ליד „מאמע“. דער נײַער צוגאנג צום ארום, די נײַע לייזונג פון קאָנפליקטן האָבן געבראכט צו באדײַטנדיקע שעפערישע דערגרייכונגען אזוינע ווײַסרוסישע דיכטער, ווי קופאלא, אלעקסאנדראָוויטש א. אנד. אזוינע לידער ווי קופאלעס „לײַן“, אָדער „הונגעריקער פרימאָרגן“ פון אלעקסאנדראָוויטשן זאָגן איידעס וועגן די דאָזיקע רעזולטאטן.

די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער ווייסן גוט די ווײַסרוסישע ליטעראטור. זיי שפירן נאָך אופמרקזאם נאָך איר אנטוויקלונג און נאָך איר אומופהערלעכן וווקס.

וועגן דער ווײַסרוסישער פאָעזיע האָט אונדז דאָ גוט און בולעט דערציילט אנדריי אלעקסאנדראָוויטש. אָבער מע דארף זאָגן, אז סײַ אין אלעקסאנדראָוויטשעס פאָרטראג, סײַ אין קלימקאָוויטשעס פאָרטראג, איז די ייִדישע ליטעראטור קימאט ניט געווען קענטיק, עס האָבן נאָר דורכגעפינקלט אייניקע נעמען. דוכט זיך, אז יעטווידער פון אונדזערע שרײַבער וויל ניט זײַן קיין מעטעאָר ניט נאָר אין דער ליטעראטור, נאָר אפילע אין די פאָרטראגן (אפלאָדיסמענטן).

דעריבער קומט מיר אויס כאָטש אביסל ניט גלאט דערמאָנען וועגן די, וועגן וועמען די כאווײרים האָבן אזוי פארבײַגייענדיק גערעדט, כאָטש איך וועל, קאָן זײַן, אויך ריידן ווי וועגן מעטעאָרן, אָבער איך לייען דאָך ניט קיין פאָרטראג, נאָר איך האלט א קורצן וואָרט.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור פון ווײַסרוסלאנד איז איינער פון די שטארקסטע אָטריאדן פון דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. ס'איז גענוג אָנצורופן אזא שרײַבער ווי קולבאק, וואָס איז ניט נאָר א גרויסער דיכטער, נאָר אויך א גוטער דראמאטורג און א פראָזאיקער. אָדער אזא ראפינירטן ווירקלעכן אקטיוון ליריקער ווי אקסעלראָד, אָדער אזוינע עכטע דיכטער ווי טייף, קאמענעצקי, די דאָזיקע אלע כאווײרים העלפן אקטיוו צו באוועגן די גאנצע ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג.

ס'איז אומבאדינגט נייטיק אָפמערקן די דיכטערישע טאלאנטפולע יוגנט ווי מאלטינסקי, שוועדיק, רייזין, בוימוואָל א. אנד. וועמעס דיכטערישע שטים עס ווערט אלץ פעסטער.

אין דער אלפארבאנדישער ייִדישער פאָעזיע קלינגט איצט שטארק די רײַפע און מונטערע לירישע שטים פון ראָסינען, האלקינען, אקסעלראָדן. עס וואקסן אויך אזוינע פאָעטן, ווי קאָטליאר, הארצמאן, פלאטנער, טאלאלײַעווסקי, דיאמאנט.

איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען נאָך פיל דיכטער, אָבער איך וועל זיך באגרענעצן מיט דעם.

גרויסע דערגרייכונגען זײַנען פאראן אפן געביט פון פאָעמעס. אויב פריִער האָט מען

א ציקל לידער אָפּטמאָל ארויסגעגעבן פאר א פּאָעמע און ס׳האָט דאָמינירט די קאָמפּאָזיציאָנעל־צעשויבערטע פּאָעמע, האָבן שוין די מערהײַט פון די לעצטע פּאָעמעס א פאַרענדיקטן סיוזשעט און א לעבעדיקן פּערסאָנאַזש.

די בעסטע ייִדישע דיכטער באַגעגענען דעם דאָזיקן פּלענום מיט גרויסע פּאָעמעס.

אין דער אַלפאַרבאַנדישער פּאָעזיע מערקט זיך אָן א פריידיקע דערשײַנונג — די בעסטע דיכטער ווי סעלווינסקי, סוועטלאָוו, פּערוואָמײַסקי האָבן מיט דערפאָלג באַהערשט דעם דראַמאַטורגישן זשאַנר; צוויי פון די בעסטע ייִדישע דיכטער ווי קושניראָוו און קולבאַק באַגעגענען אויך דעם איצטיקן פּלענום מיט גוטע פּיעסן, וואָס וועלן אינגיכן באַוויזן ווערן.

איך קלײַב זיך דאָ ניט צו ריידן און אַפילע אויסצורעכענען אַלע דערגרייכונגען און פעלערן פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. עס פאָדערט זיך אַן אויספירלעכער פאָרטראַג, קעדיי געהעריק באַקאָנען זיך מיט דער גאַנצער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

דער אינטערעס צו דער ייִדישער סאָוועטישע פּאָעזיע איז שטאַרק אויסגעוואָקסן. דאָס איז א פריידיקער פאַקט. די צאַמען צווישן פאַרשיידנשפּראַכיקע ליטעראַטורן פאַלן אײַן. עס זײַנען שוין פאַראַן, וואָלט איך געזאָגט, גרויסע שפּאַלטן, דורך וועלכע עס גייען דורך דערווײַל אײַנצלנע. אָפּ ווײַטער דאַרפן מיר אָפּראַמען אַלערליי צאַמען, קעדיי מיר זאָלן קאָנען ברייט באַקאָנען זיך מיט די סאָוועטישע רײַכטימער פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן. דערבײַ דאַרף מען זיך היטן פון דער יאָגעניש נאָך סענסאַציע און נאָך מעצענאַטן.

אייניקע כאַווײרים ווילן ווערן קאָלומבן און אַנטדעקן ליטעראַרישע מאַטעריקן אין דערצײַט, ווען זיי זײַנען שוין לאַנג אַנטדעקט געוואָרן דורך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, זײַנען אויסגעכאָוועט געוואָרן דורך אונדזער פּאַרטיי. אייניקע כאַווײרים פילן זיך ווי מײשעס, וואָס פירן ארויס די דיכטער פון פינצטערן מיצראַיִם, פון דער אומבאַוווּסטקײַט, אינדערצײַט, ווען אין אונדזער סאָװעטנפאַרבאַנד אַנטוויקלען זיך אַזוי פרוכטבאַר אַלע קולטורן (אַפּלאָדיסמענטן).

און די עמעסע כאַווײרים דיכטער, וואָס זעצן אײַ׳ער געוויסנהאַפט און קינסטלערישע די ברידערלעכע פּאָעטן און גיבן זיי א מעגלעכקײַט צו ריידן מיטן פילמיליאָניקן לייענער, די דאָזיקע דיכטער באַגריסן מיר.

איך מיין, אַז אַסאַך פון אײַך האָט פאַרוווּנדערט דעם כ׳ מירסקיס באַהויפּטונג אין „איזוועסטיא״, אַז „די מערהײַט פון אַנדערע פעלקער פון פּססר זײַנען ביז דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע נאָך ניט ארײַנגעטראָטן אין יענעם פּעריאָד פון דער פאַרפוילונג פון דער בורזשואַזער קולטור, וועלכע עס האָט געבוירן דער דעקאַדאַנס״.

די דאָזיקע מיינונג איז ווײַט ניט קיין ריכטיקע. ס׳איז גענוג צו נעמען אַפילע די ייִדישע, ווײַסרוסישע אָדער אוקראַיִנישע ליטעראַטורן, קעדיי צו איבערצײַגן זיך, ווי טיף ניט ריכטיק עס זײַנען אַזוינע באַהויפּטונגען. דאָס פאַרטושירט די ווידערשפּרוכן און דעם קלאַסן־קאַמף, וואָס איז געווען אין די ליטעראַטורן פון די פעלקער פון פּססר.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז געגאַנגען א קאַמף צווישן דער רומפולער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג פון די ביזאָקטיאַבערישע רעוואָליוציאָנערע דיכטער ווינטשעווסקי, באָווּשאָווער, עדלשטאַט מיט דער פּאָעזיע פון דעם רעאַקציאָנערן דעקאַדאַנס פון דאָוויד אײנהאָרן.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אין קאַמף קעגן דעקאַדאַנס און קעגן נאַציאָנאַליזם, איר וווּקס איז פאַרבונדן מיט די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער. ניט אומזיסט איז איינער פון די ערשטע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער אָשער שוואַרצמאַן

געווענ אויכ איינער פונ יענע, וואָס האָבנ געקעמפט אינ די רייענ פונ דער רויטער ארמײ אונ איז געפאלנ אינ קאמפ פאר דער סאָוועטנמאכט אינ אוקראינע.

מיכ, לאָמיר זאָגנ, האָט שטארק פארוווּנדערט, וואָס דער לענינגראדער זשורנאל „זוועזדא״, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכ אזוינע אווטאָריטעטע כאוויירים, האָט אָפּגעדרוקט אנ איבערזעצונג, פונ „געווירצטע״ אזוי צו זאָגנ, יידישע דערציילונגענ פונ סקולפטער איטקינ, וואָס איז א פייִקער סקולפטער, אָבער ניט קיינ פייִקער שרײַבער, אינ־דערצײַט ווענ די ווירקלעכע יידישע סאָוועטישע פּראָזע ווערט געשאפנ דורכ אזא גרויסנ מײַסטער, ווי דאָוויד בערגעלסאָנ אונ דורכ אזוינע טאלאנטפולע פּראָזאיקער ווי גאָדינער, דאניעל, קולבאק, ראבינ, אָרלאנד, נאָטע לוריע אונ אנדערע.

דאָס איז א פּראָזע אָנ יענער זיסלעכער נאציאָנאליסטישער עקזאָטיק, נאָר א ווירקלעכע קונסט, וואָס שפּיגלט אָפּ די פּראָצעסנ, וועלכע קומענ פאָר אינ דער געדיכטעניש פונ די יידישע ארבעטנדיקע אונ שילדערט אונדזער סאָציאליסטישע ווירקלעכקײַט פונ לאנד. אלצ, וואָס קומט פאָר אינ סאָוועטנפארבאנד, איז שײַעכ אונדז אלעמענ, דערמיט לעבנ אלע אָטריאדנ פונ די ליטעראטורנ פונ סאָוועטנפארבאנד.

מיט דעם, וואָס דער איצטיקער פּלענום קומט פאָר אינ מינסק, שטרײַכנ מיר ניט נאָר אונטער אונדזער גרויסע ברידערלעכקײַט, נאָר אויכ דאָס, אז מיר, סאָוועטישע דיכטער פונ סאָציאליסטישנ היימלאנד, געדענקענ אויסגעצייכנט, אז עס עקזיסטירט א גרענעצ צווישנ דער סאָציאליסטישער וועלט אונ דער וועלט פונ קאפּיטאליזם אונ אז יעדערער פונ אונדז איז גרייט צו שלאָגנ זיכ פאר דער זאכ פונ קאָמוניזם אפּ אלע פראָנטנ מיט דער פּענ אונ מיטנ שפּיז (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ).

# רעדע פונ כ׳ פּערעצ מארקיש

כאוויירים, פונ דער דאָזיקער טריבונע לאָזנ זיכ הערנ פריידיקע שטימענ פונ די דיכטער פונ די באפרײַטע פעלקער, ווי א לעבעדיקע איליוסטראציע אונ א באשטעטיקונג פונ אונדזער לענינ־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק, ווי אנ איליוסטראציע פונעם ווירקלעכנ אופבלי פונ די פעלקער, מיט וועמעס נאציאָנאלע פאָרמענ די דיכטער באשטעטיקנ אינ לידער אונדזער מערקווירדיקע צײַט.

אונ איכ וויל זאָגנ פונ דער דאָזיקער טריבונע מיט דער גאנצער שטימ וועגנ דער פּאָעזיע פונעם פאָלק, וואָס האָט זיכ פאר די 18 יאָר פונ דער רעוואָליוציע אופגעהויבנ צוזאמענ מיט די ליטעראטורנ פונ גאנצנ פארבאנד ביזנ ניוואָ פונ אונדזערע בעסטע הויכע ווײַזער.

אָבער פריִער פונ אלצ וויל איכ זיכ אָפּשטעלנ אפּ דעמ, ווי דענק איכ וועגנ דער ליטעראטור, ווי פארשטיי איכ זי אונ ביפראט—די פּאָעזיע.

געוויס ווייסנ אלע, אז ארבעטנדיק איבער „אלפרעד-דע-ווענִי״ איז אנאטאָל פראנס געזעסנ אינ זײַנ קאבינעט, אונ פאר בײַ זײַנ פענצטער זײַנענ דורכגעגאנגענ שניטער. אונ ווער האָט דאנ געטראכט וועגנ דער מערקווירדיקער ארבעט פונ די שניטער, וואָס וועלנ נאָכ דער ארבעט קומענ אהיימ אונ וועלנ האָבנ פארגעניגנ פונ דער מידקײַט פונ זייער ארבעט, וועלנ האָבנ פארגעניגנ פונ זייער קלוגער מיסיע אינ לעבנ—זייענ, שנײַדנ אונ דרעשנ ברויט, וועלכנ מע וועט מאָרגנ אויסבאקנ אונ מענטשנ וועלנ אימ עסנ צו זאט. אונ אָט, טראכטנדיק אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ וועגנ זײַנ אינטעלעקטועלער ארבעט, האָט ער

באַ זיכ געפרעגט — צי וועט זי ווענ עס איז זײַנ גלײַכ צו דער ווירקלעכ גרויסער אונ קלוגער ארבעט פונ די שניטער; צי וועט זײַנ ליטעראטור ווענ ניט איז ווערנ ברויט פאר יענע מענטשנ, פאר וועלכע ער מידט זיכ.

אונדזער פלענום האָט געענטפערט אפנ טרוימ פונ פראנצויזישנ דענקער מיט לעבעדיקע פאקטנ פונ לעבנ. אונדזער ליטעראטור, אונדזער דיכטונג — איז עמעסער ברויט, אָנ וועלכנ עס איז ניט דענקבאר אונדזער גרויסע סאָציִאליסטישע צײַט (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ), אונדזער גרויסע סאָציִאליסטישע עקזיסטענצ.

אונ אינ דעמ באשטייט דער גרעסטער זינ פונ יענער לײַדנשאפטלעכקײַט, פונ יענעמ אופשטײַג, וועלכנ מיר אלע לעבנ איבער דאָ אפ דעמדאָזיקנ פלענומ.

כאווײרימ, מיר דוכט, אז צומ ערשטנ מאָל קלײַבנ מיר זיכ צונויפ אונ מיר ריידנ וועגנ דער דיכטונג מיט אזא לײַדנשאפטלעכקייט! די פאָרטראגנ פונ כ׳ סורקאָוו, פונ כ׳ סענטשענקאָ אונ דער מערקווירדיקער פאָרטראג פונ כ׳ אלעקסאנדראָוויטש האָבנ גערעדט וועגנ דעמ דורכגעגאנגענעמ וועג, האָבנ גערעדט וועגנ דעמ, וואָס עס איז אופגעטאָנ געוואָרנ, אָבער זיי האָבנ ניט אוועקגעשטעלט די אָרדנטלעכע אופגאבעס, וואָס שטעלנ זיכ פאר אונדז אפנ צווייטנ טאָג נאָכ דעמ, ווי מיר וועלנ זיכ פאנאנדערגייננ פונ דעמ דאָזיקנ פלענומ.

איכ וויל ניט שטרײַטנ מיט די פאָרטרעגער, אָבער איכ וויל באַרירנ די גרונט־אופגאַבע, וואָס שטייט אינ דער זעלבער מאָס פאר אלע דרײַ פאָרטרעגער, וואָס זײַנענ דאָ ארויסגעטראָטנ. וואָס דארפנ מיר האָבנ פארנ מאָרגנדיקנ טאָג?

דאָ אפנ פלענומ האָט מענ גערעדט וועגנ דעמ, אז די סאמע צוגעפאסטע פאָרמ אפ צו אָפשפיגלענ יענע גרויסע טאטנ, וועלכע קומענ פאָר אינ לאנד אינ אונדזער צײַט, — איז דער עפאָס. דער דאָזיקער געדאנק איז אינ גרונט גענומענ א ריכטיקער. מיר דארפנ ווירקלעכ אופהייבנ, מיר דארפנ דערפינדנ א נײַע מינ עפישע שפראכ פאר די דאָזיקע נײַע טאטנ, וואָס קומענ באַ אונדז פאָר, אָבער מע טאָר ניט באהויפטנ, אז בלויז דער דאָזיקער זשאנר איז דער איינציקער, אז בלויז מיט דער עפישער פאָרמ קאָנ מענ ריידנ וועגנ אונדזער צײַט. זייער אָפט האָבנ מיר א טאָעס, ווענ מיר גייענ צו צו דער פראָבלעמ פונ זוכנ מיטלענ אונ פאָרמענ. מענ דארפ אָנערקענענ, אז עס זײַנענ ניטאָ אזוינע מיטלענ אינ אונדזער פאָעטישער ווירטשאפט, וואָס זאָלנ ניט זײַנ ווירקזאמ אונ הארמאָניש אפ צו באַזינגענ מיט דער פולער שטימ אונדזער צײַט. מיר דארפנ באַ הײַנטיקנ טאָג, אוועקגייענדיק פונ דעמ דאָזיקנ פלענומ, אָנשרײַבנ דעמ מענטשנ פונ אונדזער עפאָכע. איכ וועל קיינ טאָעס ניט האָבנ, אויב איכ וועל זאָגנ, אז דאָס גרעסטע, וואָס איז געזאָגט געוואָרנ צווישנ דעמ ערשטנ שרײַבער־צוזאמענפאָר אונ אונדזער פלענומ — דאָס גרעסטע אונ באדײַטנדיקסטע איז די בארימטע רעדע פונ כ׳ סטאלינ אפנ ארויסלאָז פונ די קורסאנטנ פונ דער מיליטערישער אקאדעמיע ווענ ער האָט גערעדט וועגנ מענטשנ (אפלאָדיסמענטנ).

דער כ׳ סטאלינ האָט פארשטאנענ ווי קיינ איינער פונ אונדז, אז אָנ דער דאָזיקער הויפט־פערזאָנ פונ אונדזער עפאָכע, אָנ דעמ מענטשנ, ווי גוט מיר וועלנ ניט באשרײַבנ די מאשינעס, די שאכטעס, ווי בוילעט מיר וועלנ ניט אויסדריקנ אונדזער סאָציִאליסטישע ארומרינגלונג, אָבער אויב זי וועט ניט אָנגעזאמלט ווערנ דורכנ הויפט־העלד פונ אונדזער צײַט, אויב עס וועט אפ איר רײַטנדיק ניט זיצנ אונדזער הײַנטצײַטיקער מענטש וועלנ מיר אונדזער ארבעט פאר דער עפאָכע ניט בארעכטיקנ. אויב מיר וועלנ ניט אנטפלעקנ דעמ דאָזיקנ העלד אינ זײַנ נײַער קוואליטעט, וועלנ מיר גאָרנישט ניט אופטאָנ. איבער

דעם דארפנ מיר זיכ שטארק פארטראכטנ. אויב מיר וועלנ אָנעמענ בלויז דעם עפּאָס, אָפּזאָגנדיק זיכ פונ די איבעריקע זשאנרענ וועט עס זײַנ ניט ריכטיק. מיר דארפנ נעמענ סײַ די לירִיק, סײַ דעם עפּאָס, סײַ דעם הומאָר, סײַ די סאטירע, אונ ס׳איז ניטאָ אזא זשאנר, וואָס זײַנע קינסטלערישע מיטלענ זאָלנ זײַנ ניט גילטיק אפּ צו שילדערנ דעם הײַנטצײַטיקנ מענטשנ.

איכ גיי אריבער צו דער גרונט־פּראָבלעם, וואָס שטייט אפּנ פּלענום. ס׳איז היסטאָריש ריכטיק אונ געזעצמעסיק געשטאנענ אפּנ פּלענום די פראגע וועגנ מאיאקאָווסקינ. כאוויי־רים, איכ מיינ, אז איבערכאזערנ זיכ וועגנ מאיאקאָווסקינ איז ניט נייטיק. וועגנ מאיא־קאָווסקינ איז אלצ געזאָגט געוואָרנ. פאר אונדז אלעמענ איז קלאָר, אז מאיאקאָווסקי איז געווענ יענער דיכטערישער מיטשורינ, מיט וועמעס לידער עס האָט סעלעקציאָנירט ניט נאָר אונדזער פּאָעזיע, נאָר אויכ די בעסטע פּאָעזיע פונ מײַרעוו.

אויכ מיר, ייִדישע דיכטער, האָבנ דורכגעמאכט די דיכטונג־סעלעקציע, פונ דעם דאָזיקנ ביז גאָר גרויסנ מײַסטער, מיט אונדזער פּאָעזיע. אונדז האָט זיכ עס קאָנ זײַנ געגעבנ לײַכטער ווי אנדערע, ווײַל בא אונדז איז געווענ א קלענערער ווידערשטאנד, ווײַל אונ־דזער פּאָעזיע איז א יונגע פּאָעזיע אונ אינ דעם הינזיכט קומענ מיר אפּ דעם דאָזיקנ גרויסנ געשפּרעכ פונ פּלענום, ווי עס האָט זיכ וועגנ אים אויסגעדריקט דער כ׳ סורקאָוו, אויכ שעפעריש באהעפטע צום גרויסנ דיכטער מאיאקאָווסקי, וואָס „איז געווענ אונ געבליבנ דער טאלאנטפולסטער דיכטער פונ אונדזער עפּאָכע״.

אָבער איינצײַטיק קומענ מיר צום פּלענום ווי א באשטאנד־טייל פונ דער גאנצער כאווערישער פּאָעזיע, וועלכע מיר האָבנ אײַנגעזאפּט אינ זיכ. צי דענ האָבנ מיר ניט אײַנגעזאפּט אינ זיכ סײַ באָריס פּאסטערנאקנ, סײַ טיכאָנאָוונ, סײַ סעלווינסקינ אונ סוועט־לאָוונ אונ די בעסטע, וואָס בילדנ דאָס געשטאלט פונ אונדזער פּאָעזיע? מיר מאכנ קיינע ליקווידאציעס ניט אינ אונדזער דיכטערישער ווירטשאפט. מיר דארפנ זײַנ עכטע זאמלער פונ פּאָעטישע ווערטנ, וועלכע עס האָבנ געשאפנ די פעלקער ביז דער רעוואָליוציע צוגלײַכ מיט די ווערטנ, וועלכע מ׳האָבנ געשאפנ דירעקט די רעוואָליוציע אונ צו מאָרגעדיקנ טאָג וועלנ מיר קומענ מיט די לידער פונ פּאסטערנאקנ, מאיאקאָווסקינ, סעלווינסקי, טיכאָנאָוונ, פונ בעדני אונ סוועטלאָוו. אונ מיר וועלנ קיינעם קיינ איינ וואָרט ניט אוועקגעבנ.

איכ וועל זיכ אָפּשטעלנ אפּ יענער פּאָעזיע, פונ וועלכער איכ האָב אָנגעהויבנ. כאוויי־רים, מיר זײַנענ זייער אינ א פארשווריקטער לאגע. פונ דער דאָזיקער טריבונע האָט מענ וועגנ אונדז געזאָגט פיל גוטס. אָבער מיר קאָנענ עס ניט דערוויַזנ, ווײַל מיר ווערנ ניט איבערגעזעצט אינ רוסיש. דעריבער זאָג איכ טאקע, אז מיר זײַנענ אינ זייער א פארשווריקטער לאגע. דאָ וויל איכ געבנ איינ היסטאָרישע אינפאָרמאציע. קעדיי עס זאָל ניט זײַנ קיינ פּלאָנטער אונ קיינ פעלערנ אינ דער פּערספּעקטיוו. אלע זײַנענ געווינט געוואָרנ באם אָפּשאצנ די ייִדישע פּאָעזיע מאכנ פארנ אויסגאנג־פּונקט ביאליקנ. אזא איז דער קריטערי, אזא איז די נאָרמע. איכ וויל צעקלאפּנ די דאָזיקע אײַנגעשטעלטע טראדי־ציע בא דער סאָוועטישער קריטיק. (אפּלאָדיסמענטנ).

כאוויירים, ווייסט, אז די ערשטע פאלאנגע ייִדישע דיכטער האָט אינ 1917 י. די ערשטע זאכ אופגעריסנ די דאָזיקע נאציאָנאלע טראדיציעס פונ דער ייִדישער פּאָעזיע (אפּלאָדיסמענטנ).

מיר האָבנ זי אופגעריסנ ניט דערפאר, ווײַל מיר האָבנ געהאלטנ, אז ביאליק איז ניט קיינ גענוג גוטער דיכטער, נאָר דערפאר, ווײַל ער האָט זײַנ גאנצע מעכטיקע קראפט

אײַנגעשלאָסנ אינ א קלײנ נאַציאָנאַל-שאכטל, אונ צוליב דעם איז זײַנ צאָרנ אונ זײַנ געוויינ געווענ אויסגעהוילט פונ יענע סאָציאַלע ווידערשפרוכנ, וואָס האָבנ פארורזאכט דעם דאָזיקנ געוויינ אונ צאָרנ. ער האָט זיכ צוגעהערט צום קרעכצנ פונעם פאָלק, וואָס האָט זיכ געבויגנ אונטער די צעשמעטערנדיקע קלעפ פונ די צארישע פאָנראָמענ אונ האָט געשמאכט אינ לײַדנ אונ רעכטלאָזיקײַט—אונ זײַנ פאָנעמ האָט ער געווענדעט צום אש פונ כאָרעווונ טעמפל פונ יערושאָלאַיִמ. אונ דעריבער איז דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבנ געטאָנ—מיר האָבנ אים אופגעריסנ. איכ רייד ניט וועגנ זײַנע לירישע לידער, וואָס זײַנענ דורכויס דורכגעדרונגענ מיט דער אויסזיכטלאָזיקײַט פונ א געטאָ־אײַנוווינער. אינ געגעבענעמ פאל רייד איכ וועגנ טראדיציע, אָבער ניט וועגנ יערושע. בא ביאַליקנ אנערקענענ מיר זײַנע פאָלקס־לידער פונ זײַנ מײַסטערשאפט.

פונ וואנענ גייענ די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע דיכטער. זיי גייענ פונ די ייִדישע דיכטער פונ סאָפ 19־טנ יאָרהונדערט (אפלאָדיסמענטנ) פונ ווינטשעווסקענ, עדלשטאטנ אונ באָװשאָווערנ.

כאוויירים, פונוואנענ גייענ די ווינטשעווסקעס, עדלשטאטס אונ באָשעווערס? די טראדיציע פונ די דאָזיקע דיכטער גייט פונ פרײַליגראטנ, בעראנזשע אונ פונ די דיכטער פונ דער פאריזשער קאָמונע (אפלאָדיסמענטנ). דאָרט איז געבוירנ געוואָרנ די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע פאָעזיע. אונ פונ דאָרטנ גייט זי, אונדזער פאָעזיע. דאָרט הויבט זי זיכ אָנ אונ פונ דאָרטנ פאלט זי ארײַנ אינעמ שטראָמ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. דאָס דארפ מענ איינמאָל פאר אלע מאָל פעסטשטעלנ (אפלאָדיסמענטנ).

כאווירים, מיר ווילט זיכ זייער ניט באנוצנ זיכ מיט דער אײַנגעשטעלטער פאָרמ אונ טראדיציע פונ אויסרעכענענ נעמענ, אונ אײַכ איז אויכ די דאָזיקע פאָרמ געוויס דערעסנ געוואָרנ. ווענ מע וואָלט בא אײַכ געפרעגט, וועלכע ייִדישע דיכטער זײַנענ פאראנ, וואָלט איכ אלײנ געזאָגט: פעפער, קולבאק, כאריק, קוויטקאָ, קושנירעאָוו, האלקינ, ראָסינ א. אנד. איכ וואָלט וועלנ, אז איר זאָלט די דיכטער דערפילנ ניט נאָר לויט זייערע מעטריקעס, נאָר לויט זייערע ביכער, עס זאָל ניט זײַנ אזא ווילטעטיקער ווונק מיטנ קאָפּ, ס׳הייסט, איכ ווייס, יאָ, געהערט. אייניקע כאווײרים ווייסנ די ייִדישע שפראכ, זיי ווייסנ, אז וועגנ דער ייִדישער פאָעזיע קאָנ מענ ניט ריידנ איזאָלירט פונ דער גאנצער סאָוועטיווער פאָעזיע (אפלאָדיסמענטנ) אונ אינ דעמ איז אונדזער גליק: פונקט אזוי, ווי ריידנדיק וועגנ דעמ מענטשנס אָרגאניזמ אינגאנצנ גענומענ, קאָנ מענ ניט ריידנ איזאָלירט וועגנ זײַנ מארכ, וועגנ דער בלוט־צירקוליאציע, אָבער נאָר וועגנ האָרמאָנישע אונ קאָמפּלעקס־פונקציעס.

ריידנדיק וועגנ דער סאָוועטישער פאָעזיע, ריידנ מיר וועגנ איינ באוועגער פונ דעמ גרויסנ ליטערארישנ אונ פילשפראכיקנ אָרגאניזמ. צי דענ וועלנ מיר ריידנדיק וועגנ דער סאָוועטישער פאָעזיע, זיכ באגיינ אָנ די גרוזינישע ליריקער (אפלאָדיסמענטנ), אָנ די בעסטע דיכטער פונ ווײַסרוסלאנד אונ אוקראַיִנע?

ווי אָבער קאָנ מענ אויסטיילנ באזונדערס דעמ אָטריאד ייִדישע דיכטער. פאר קיינ פאל קאָנענ מיר ניט באטראכט ווערנ באזונדער, אונ דאָס איז אונדזער עמעסער גליק, ווײַל מיר זײַנענ ארײַנ אינ דער רוסישער דיכטונג ווי א באשטאנד־טייל, ווי א צופלוס פונ בלוט־קײַקעלעכ, וואָס מאכנ מעכטיקער איר בלוט־צירקוליאציע.

באמ פארענדיקנ ווילט זיכ מיר זאָגנ, אז די קראפט פונ פאָעטישנ וואָרט לאָזט זיכ גאָרניט מעסטנ, אז דער סאמע שטארקער אויסדריק־מיטל איז פונדעסטוועגנ די פאָעזיע. ס׳איז ניטאָ קיינ שטארקערער, קיינ מעכטיקערער אויסדרוק־מיטל, ווי די פאָעזיע. זי ווערט

געשאַפן און געזונגען דורך די פעלקער. ווען דער סעקרעטאַר פון געגנטקאָם פון דער בוריאַט־מאָנגאָלישער רעפובליק האָט, ריידנדיק אפן אופנעם באַם כ׳ סטאַלין וועגן פּאָשעטע זאכן, וועגן סטאַדעס שעפסן, אינסטינקטיוו אָנגעהויבן ריידן מיט פערזן, זאָגט עס איידעס וועגן דעם ווי טיף עס ליגט די פּאָעזיע אינעם פאָלק, מיר נעמען זי טאַקע באַם פאָלק און מיר קערן זי אום אין יענער מײַסטערהאַפטער פאָרם, אַפ וועלכער מיר זײַנען פײַיִק.

דעריבער איז ניט צופעליק, וואָס די פּאָעזיע גייט אַרויס אַפ דער בינע פון טעאַטער, ווי אַפ דער סאַמע ברייטסטער פאָלקס-טריבונע, דורך וועלכער די ווערטער דערגייען צו די מאַסן. אין טעאַטער לעבט שוין אונדזער דיכטונג אין דער פערזאָן פון די כ״כ סעלווינסקי, גוסיעוו, סוועטלאָוו און אַ גאַנצע ריי אַנדערע. די פּאָעזיע דאַרף אײַנעמען די דאָזיקע פעסטונג. דער טעאַטער, וואָס פון זײַן טריבונע רעדט די ליטעראַטור מיט מיליאָנען, דאַרף ריידן מיט דער שפּראַך פון לידער, אַז אוועקגייענדיק פון טעאַטער זאָל דאָס פאָלק זינגען (אַפּלאָדיסמענטן).

לאָמיר אָבער זען גאָרניט פאַרלירן פון אונדזער גרויסער סאָוועטישער ווירטשאַפט, וועלכע מיר האָבן מיט אַזויפיל מי אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון 18 יאָר, אַלץ, וואָס איז דאָס בעסטע, דאָס ווערטפולסטע, דאָס עכטע דאַרף אויסגענוצט ווערן אַפ דעם, אַז מיר זאָלן אין נײַע פאָרמען, אין סינטעטישע פאָרמען זאָגן מיט די דאָזיקע גרויסע ווערטער וועגן אונדזער גרויסער און גליקלעכער צײַט. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

---

# ליטעראַטור און ווירקלעכקײַט

## רעדע פון כ-טע וו. אינבער

די פראַגע וועגן דער נאָענטקײַט צו דער ווירקלעכקײַט אינטערעסירט פון לאַנג די קונסט־מענטשן. ווינקעלמאַן האָט אין זײַנע אַרטיקלען וועגן קונסט געשריבן, אַז נאָך אין אוראַלטן גריכנלאַנד אין דער שטאָט פּיווי, אין באַרימטן „הונדערט־טויערדיקן פּיווי״ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ: די קינסטלער זאָלן נאָכמאַכן די נאַטור ווי ווײַט מעגלעך בעסער. הינטער דער מוירע פון באַשטראָפט ווערן, דערבײַ איז דער דאָזיקער געזעץ געווען אָבליגאַטאָריש פאַר גאַנץ גריכנלאַנד, דאָ איז גערעדט געוואָרן וועגן דער נאַטור. אָבער מען האָט געהאַט אין זינען, פאַרשטייט זיך, אַלץ די זעלבע ווירקלעכקײַט.

אַלזאָ, ווי איר זעט פלעגן אָנגענומען ווערן אַלע מאָסמיטלען, אַז די קונסט זאָל ניט דערווײַטערט ווערן פון דער ווירקלעכקײַט. אַלע מיטלען ביז צום שטראָפן, אויסער איין מיטל—פאַרוואַנדלען די ווירקלעכקײַט אין אַזאַ, אַז דעם קינסטלער אַליין זאָל זיך ניט וועלן דערווײַטערן פון איר.

פאַר דער גאַנצער צײַט זינט עס עקזיסטירט די וועלט־געשיכטע האָט אַזאַ אָנגעוועטיקטע מיט אינהאַלט גליקלעכע בליִענדיקע ווירקלעכקײַט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן געוועלטיקן באַ אונדז, אין אונדזער לאַנד.

אַ וועלכע איז דאָס אָרט פון דער קונסט באַ אַזאַ ווירקלעכקײַט און אַ וועלכע איז די ראָליע פונעם קינסטלער, פונעם שרײַבער אין אַזאַ הויכער פּרעכטיקער צײַט? וועגן דעם האָט מיט אַן אויסשעפּנדיקער פולקײַט גערעדט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש גאָרקי, וועגן

דעמ האָט גערעדט אויכ אנדרע זשיד אפנ קולטור־קאָנגרעס אינ פאריזש. אָט זײַנענ זײערע ווערטער: „די אופגאבע פונ דער ליטעראטור איז העלפנ דעמ נײַעמ מענטשנ, וועלכנ מיר האָבנ ליב, צו באפרײַענ זיכ פונ פאלשע געשטאלטנ,—צו אויסבילדנ זיכ אונ אײַנשטעלנ זיכ זעלבסט".

ערענבורג האָט אינ צוזאמענהאנג מיטנ פאריזשער קולטור־קאָנגרעס געשריבנ וועגנ דעמ דיכטער פאסטערנאק פאָלגנדיקעס: „דער זאל האָט זיכ אופגעהויבנ אונ האָט מיט דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ באגריסט דעמ דיכטער, וואָס האָט דערוויזנ, אז די הויכע מײַסטערשאפט אונ דער הויכער געוויסנ זײַנענ גאָרניט קײנ סאָנימ". כאָטש־דעמ, צי דארפ מענ עס דערווײַזנ? צי איז עס ניט זעלבסטפארשטענדלעכ אנ־אונ־פאר זיכ, די אָרנטלעכקײַט פונ א סאָוועטישנ דיכטער? (אפלאָדיסמענטנ).

אָבער ערענבורג איז ניט אײנער אינ דער דאָזיקער שטעלונג פונ דער פראגע. מיט אימ רופט זיכ איבער אויכ מירסקי. אינ די נאָטיצנ וועגנ דעמ פערז אינ 12־טנ נומער „זנאמיא" שרײַבט ער: „אופהײבנדיק אפ דער פאָנ פאסטערנאקנ, הײבנ מיר אופ ניט די „רײנקײַט" אונ „קאמערדיקײַט" פונ זײַנ פאָעזיע, נאָר זײַנ טרײַהײַט צו זײַנ טאלאנט".

אונ ווײַטער: „א סאָוועטישער דיכטער קענ ניט מוירע האָבנ, אז, געבנדיק פולע פרײַהײַט זײַנ מוזע, וועט ער זיכ ארויסווײַזנ אלס פרעמדער צומ סאָציאַליזמ אונ צומ סאָוועטישנ הײמלאנד".

עמעס, מירסקי מאכט א באמערקונג, אז דאָס האָט א שײַכעס ניט צו אלע, נאָר צו טיפישע פאָעטנ, וואָס פארקערפערנ אינ זיכ די רעוואָליוציאָנערע אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער דיכטונג.

אָבער אפילע מיט דער דאָזיקער באמערקונג, צי דענ קענ מענ מאסקימ זײַנ מיט מירסקענ. איכ מײנ, אז דיכטער, וואָס פארקערפערנ אינ זיכ די רעוואָליוציאָנערע אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער דיכטונג אינ איר רײנעמ אויסזעג, זײַנענ בא אונדז דערווײַל נאָכ ניטאָ. מיר אלע, אומאָפּהענגיק פונ טאלאנט, קעמפנ קעגנ די איבערבלײַבענישנ פונ קאפיטאליזמ אינעמ באוווסטזײַנ. בא דער גאנצער אכטונג צו באָריס לעאָנידאָוויטש פאסטערנאקנ, צי קענענ מיר זאָגנ, אז ער איז פרײַ פונ אזוינע איבערבלײַבענישנ? אז זײַנ שאפנ איז א פארקערפערונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער סאָוועטישער פאָעזיע? מיר דוכט, אז מע קענ דאָס ניט זאָגנ.

צי איז ריכטיק ווענ דער קריטיקער אמניסטירט פאָרלויפיק דעמ דיכטער פאר אלצ, וואָס ער וועט אָנשרײַבנ אונ אופהײבנ אימ אפ דער פאָנ דערפאר, וואָס עס איז אנ אָבליגאטאָרישער באדינג פאר א סאָוועטישנ ליטעראט? צי איז עס אלצ ריכטיק? מיר דוכט, אז נײנ.

ניט ווײניקער מעשונעדיק, כאָטש אפילע לויט אנ אנדער ליניע, איז לײטעסעס ארויסזאָגונג אינ זײַנ ארטיקל „אנ אָנהײב פונ א שמועס".

מע דארפ בעעמעס זײער ווײניק ליב האָבנ די דיכטונג אונ האָבנ זײער א שטארקנ פארלאנג צו זאָגנ וועגנ איר כאָטש וואָס ניט איז, ווענ ס'איז קענטיק ניטאָ וואָס צו זאָגנ, קעדײ צו אָנשרײַבנ אזוי ווי ס'האָט געטאָנ לײטעס, אז „דער ווּקס פונ אונדזער פראָזע—דאָס איז דער ווּקס פונ דער פאָעזיע, וואָס האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונ געגראמטע שורעלעכ".

אָבער ערשטנס, איז דער אונטערשײד צווישנ דער פאָעזיע אונ פראָזע ניט נאָר אינ געגראמטע שורעלעכ. אונ צווײטנס, אפילע אויב דאָס איז אזוי, איז פונקט אזוי, ווי א שטול, וואָס האָט ניט קײנ ווענטל, וואָס איז פארגרעסערט אונ איז אופגעהויבנ העכער איבערנ דיל, ווערט שוינ א טיש אונ וועגנ אימ דארפ מענ רײדנ ווי וועגנ א טיש, פונקט

אזוי איז אויכ די פּאָעזיע, וואָס האָט ניט קיינ געגראמטע שורעלעכ—פּראָזע. (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטנ).

אלזאָ, דעמ כ׳ לייטעסטס ארויסזאָגונג איז ווידראמאָל טאקע ניט דאָס, וואָס עס העלפט דעמ דיכטער.

דער פראנצויזישער דראמאטורג זשאק דעוואל, דער אווטער פונ דער פּיעסע „מאַלבא אַ זשיזני״, וואָס גייט בא אונדז אינ מאָסקווע, האָט אָנגעשריבנ נאָכ איינ פּיעסע, וואָס כאזערט איבער די געשיכטע פונ ראָמעאָ אונ דזשוליעטאַ—די געשיכטע פונ צוויי פייַנטלעכע בורזשואזע פאמיליעס, וואָס אינ רעזולטאט פונ דעמ קומענ אומ די פארליבטע קינדער.

מיטנ געפיל פונ אָפּטימיזמ אונטערשיידנ מיר זיכ פונ מייַרעוו, ווו דער אסטראָנאָמ דזשינס האָט זיכ דערטראכט צומ געדאנק, אז דאָס לעבנ איז ביכלאל פייַנטלעכ דער נאטור, אז דאָס לעבנ „איז ניט עטוואָס אנדערש ווי אנ אינפעקציע־קראנקהייַט פונ דער מאטעריע״.

אינ מאָסקווע ניט לאנג, פאר מייַנ אוועקפאָרנ אהער, האָב איכ זיכ דערמאָנט לויט א מאָדנער אסאָציאַציע, וואָס דאָס איז אונדזער דיכטערישע פּריווילעגיע, איינצייַטיק וועגנ דע־וואלנ אונ וועגנ דזשינסנ. אינ איינעמ א קאלטנ אָוונט, ווענ אלע שויבנ זייַנענ פאר־פארפרוירנ געוואָרנ, בינ איכ אריַינ אינ א מאָסקווער טראמווייַ. דאָס איז געווענ שויג א האלב־ליידיקער טראמווייַ. באמ פענצטער איז געזעסנ א פּאָר—אַ באָכער אונ א מיידל, קוקנדיק אפ זיי האָט מענ גלייַכ געקאָנט זאָגנ, אז דער גורל פונ די אומגליקלעכע פאר־ליבטע פונ דעוואלס פּיעסע דראָט זיי ניט. קיינער האָט זיכ ניט געקליבנ צעשיידנ זיי. איבער זיי אפ דער פארפרוירענער שויב פונ טראמווייַ איז געווענ אָנגעשריבנ די לייזונג פונ א געאָמעטרישער אופגאבע. דאָרטנ זייַנענ געווענ עפּעס דרייַעקנ אונ ציפערנ. צי האָט דידאָזיקע פּאָר געלייזט די אופגאבע אָדער אנ אנדערע (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטנ)—איז ניט וויכטיק. אָבער עס איז געווענ קלאָר, כאווירימ, אז די אופגאבע איז געלייזט (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטנ). קוקנדיק אפ זיי וואָלט קיינ איינ דזשינס ניט געזאָגט, אז דאָס לעבנ איז פייַנטלעכ דער נאטור.

כאווירימ, מיר לעבנ אינ א פּרעכטיקער צייַט, ווענ דאָס לעבנ—איז פרייד אונ די ליטעראטור איז פרייד. מיר לעבנ אינ אזא לאנד, ווו מע גיט די דיכטער אָרדענס. דערביַי שרייַבט מענ טאקע אזוי אָנ: „דעמ דיכטער לאכוטי״, „דעמ דיכטער ווורגונ״, „דעמ דיכ־טער זאריאנ״.

מע קאָנ ניט צווייפלענ,—ווענ עס וואָלט געלעבט מאיאקאָווסקי, וואָלט צו די דאָזיקע נעמענ פונ די דיכטער צוגעקומענ נאָכ איינ נאָמענ—מאיאקאָווסקעס (שטורמישע אפּלאָ־דיסמענטנ).

אָבער מאיאקאָווסקי איז ניטאָ צווישנ אונדז. ער איז טויט. בא אימ איז ניטאָ קיינ אָרדענ, אָבער בא אימ איז פאראנ א פּלאצ. אונ טאקע דאָרטנ, ווו ער האָט געוואָלט: מיט פּושקינענ „קימאט דערנעבנ״. די דאָזיקע צוויי פּלעצער, מאיאקאָווסקי־פּלאצ אונ פּושקינ־פּלאצ צעטיילט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, פאראייניקט א גאס, וואָס טראָגט דעמ נאָמענ פונ גרויסנ פּראָזאיִקער פונ אונדזער צייַט מאקסימ גאָרקי (א דונער פונ אפּלאָדיסמענטנ).

דאָס אלצ געפינט זיכ אינ צענטער פונ מאָסקווע אונ מאָסקווע געפינט זיכ אינ צענ־טער פונ אונדזער לאנד אונ אונדזער לאנד געפינט זיכ אינ צענטער פונ דער גאנצער וועלט. אָט וואָס פארא צענטראלנ אָרט עס פארנעמט אונדזער ליטעראטור. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ, וואָס גייענ אריבער אינ אנ אוואציע).

---

# פאַר א סאָוועטישן עפּאָס

## רעדע פון כ׳ שטשופאַק

דער כ׳ סורקאָוו האָט אין זײַןברייטן פּאָרטראַג געשענקט די גרונט־אויפמערקזאַמקייט די פראַגן פון אינהאַלט פון דער פּאָעזיע און זייער ווייניק גערעדט וועגן פאָרמען. דערפאַר האָט די וויכטיקסטע פראַגע—וועגן די זשאַנרען פון דער פּאָעזיע—ניט באַקומען קיין גע־נוגנדיקע באַלויכטונג אינעם פּאָרטראַג.

איך רעכן, אַז די פּאָעזיע וועט ניט דערלייזן די גרויסע אויפגאַבעס, וועלכע עס רוקט אַרויס פאַר איר די הײַנטצײַטיקייט, און די נאָענטסטע צוקונפט אויב זי וועט ניט קאָנ־צענטרירן איר אויפמערקזאַמקייט אַף מאָנומענטאַלע פאָרמען.

דער גראַנדיעזער פאַרמעסט פון איבערראַנדערשן אונדזער לאַנד און דער וווּקס פון די נײַע מענטשן קען אַלזײַטיק אָפּגעשפּיגלט ווערן נאָר אין סינטעטישע געשטאַלטן.

ווי גרויס עס זאָלן ניט זײַן די מעגלעכקײַטן פון אונדזער ליריק, זײַנען זיי פאָרט באַגרענעצט אין פאַרגלײַך מיט דער גרויסער פאָרם. ליריק איז מער א פּאָעזיע פון אויס־דריקן איידער פון שילדערן. קעדיי ברייטער אַרומכאַפּן דאָס לעבן זײַנען נייטיק מאָנו־מענטאַלע פאָרמען. פון אַלע מאָנומענטאַלע פאָרמען איז באַזונדערס וויכטיק די עפּישע פאָרם—דער מין פּאָעזיע, אין וועלכער ס׳וועט זײַן אָפּגעשפּיגלט דאָס גרויסע און העראָאישע פון אונדזער עפּאָכע.

אַף דער דיסקוסיע וועגן פּאָעזיע אין לענינגראַד האָט מען גערעדט וועגן נײַעס אין אונדזער פּאָעזיע. און דאָס דאָזיקע נײַעס (האָט מען אײַנגעזען) אין דער פאַרשפּרייט־קײַט פון דעם ליריש־עפּישן זשאַנר בא אונדז. מיר דוכט, אַז די לענינגראַדער כאַווערים אַריענטירן ניט ריכטיק די פּאָעזיע, ערשטנס דערפאַר, וואָס דער ליריש־עפּישער זשאַנר איז ניט קיין נײַער, צווייטנס. דערפאַר, וואָס דאָס נײַע וועט זײַן דעמלט, ווען דער סאָוועטישער עפּאָס, אין זײַן ריינעם אויסזען, וועט באַקומען א פולע אַנטוויקלונג. דאָס ליריש־עפּישע ווערק, אין וועלכן עס פּרעוואַלירט די אינדיווידועל־אַקצענטירטע באַציִונג צו די באַשריבענע דערשײַנונגען קען ניט פאַרבײַטן דאָס עפּישע ווערק. אין די ליריש־עפּישע ווערק פאַרדעקט אָפטמאָל דאָס געשטאַלט פונעם אַוטער די געשטאַלטן פון דערווירקלעכקײַט גופא.

ניט אין דעם גייט עס. פאַרשטייט זיך, אַז דער אַוטער טאָר ניט פיגורירן ווי א לירישע געשטאַלט אין דער פּאָעמע, אַז עס טאָר ניט זײַן קיין אָפּווײַכונגען, אַקצענט־רונגען, וואָס עס מאַכט פאַרשיידנאַרטיק אונדזער פּאָעזיע. עס גייט א רייד וועגן דער נייטיקײַט צו פאַרברייטערן די ראַמען, צו באַווײַזן געשעענישן און העלדן, צו באַווײַזן זיי אין ברייטן פאַרנעם, אין דער גאַנצער פילזײַטיקײַט.

מיר דוכט, אַז נאָר דער סאָוועטישער ליטעראַטור איז באַשערט צו באַנײַען דעם עפּאָס נאָך פיל יאָרהונדערטן.

האָמער האָט אָנגעשריבן די „איליאַדע״ אין 200 יאָר אַרום נאָך דעם, ווען עס זײַנען פאָרגעקומען די געשעענישן, וועלכע ער באַשרײַבט.

מיר קענען באַשרײַבן געשעענישן, וואָס זײַנען, פאָרגעקומען ניט לאַנג. אַלס בײַשפּיל קענען דינען אַזעלכע קינסטלערישע לײַוונטן ווי „טשאַפּײַעוו״, „די רײַטער״—יאַנאָווסקעס. „די געשיכטע פון בירגער־קריג״, וועלכע זײַנען אַן סאָפּעק דער עפּאָס פון אונדזער צײַט.

אָבער דער אָביעקט פארנ עפּאָס וועט זײַנ ניט נאָר די פארגאנגענהײַט אונ אינ דעם אויכ איז דער באזונדערער שטריכ פונ אונדזער פּאָעזיע, נאָר אויכ די קעגנוואַרט, ווײַל יעדנ טאָג שאפט זיכ אינ אונדזער לאנד א העראָישע לעבנסווירדיקע עפּאָפּייע. נאָכמער, אונדזער עפּאָס אינ אונטערשייד פונעם אַלטערטימלעכנ קענ באשרײַבנ ניט נאָר די העלדנטאטנ פונ די מאסנ, נאָר די אינדיווידועלע העלדנטאטנ. בעלינסקי האָט אָנגערופנ פּושקינס „פּאָלטאווע" פאר א פעלערהאפט־פארטראכטער עפּישער פּאָעמע, בלויז דערפאר, ווײַל דער העלדנטאט אינ „פּאָלטאווע", דער העלדנטאט פונ פּיאָטערנ איז אנ אינדיווידועלער העלדנטאט. בא אונדז זײַנעג פאראנ בלויז עמבריאָנענ פונעם דאָזיקנ עפּאָס: בא מאיאקאָווסקינ, טיכאָנאָווג, סעלווינסקינ, טיטשינענ, באזשאנענ אונ פּערוואָמײַסקינ. פאר אונדז שטייט די אופגאבע געבנ דעם סאָוועטישנ עפּאָס א ברייטנ ארויסגאנג.

דאָס עפּישע ווערק שליסט אײַנ נאָר דאָס היסטאָרישע, נאָר דאָס העראָישע אונ פארגעמיינערט די שטריכנ פונ דער עפּאָכע. די עפּישע ווערק דארפנ זײַנ פארגאנצטע אינ זייער אינהאלט. מאָנומענטאלע לויט זייער קאָנסטרוקציע פאָדערנ די קינסטלערישע געבײַענ א מאָנומענטאלע קאָמפּאָזיציע. דאָ דארפ זײַנ אלצ מאָנומענטאל; סײַ דער פונדאמענט, סײַ אלע טיילנ פונ דער קאָנסטרוקציע אונ יעדע קינסטלערישע דעטאל.

אויסהאלטנ א גרויסע זאכ, א גרויס עפּיש ווערק אפ די הויכע רעגיסטרענ פונ אונדזער נײַער פּאָעטיק איז זייער שווער. דערפאר פארשטייענ מיר די פּאָרזיכטיקײַט, מיט וועלכער עס גייענ צו די גרויסע מײַסטערס צו שאפנ גרויסע לײַוונטנ. אונ מיר זאָגנ זיכ אָפּ צו פארשטיינ די לײַכטקײַט, מיט וועלכער אייניקע פּאָעטנ גייענ צו צו די אופגאבעס פונ שילדערנ גרויסע געשטאלטנ פונ דער הײַנטצײַטיקײַט.

---

# פּאָשעטקײַט אונ פּאָלקסטימלעכקײַט

## רעדע פונ כ׳ ס. טשיקאָוואני

(גרוזיע)

כאווירימ, נאָכ יענער גרויסער אונ מערקווירדיקער ארבעט, וועלכע עס האָבנ אָפּגעטאָנ איבערזעצנדיק די גרוזינישע דיכטער, אונדזערע באליבטע ב. פּאסטערנאק, נ. טיכאָנאָוו אונ צוזאמענ מיט זיי אנטאָקאָלסקי אונ ספּאסקי, נאָכ דעמ, וואָס עס האָבנ אָפּגעטאָנ פאר דער אוקראַינישער פּאָעזיע נ. אסייעוו, מ. אושאקאָוו, ס. קירסאנאָוו, נאָכ דער ארבעט פונ די רוסישע דיכטער איבער די ארמענישע טעקסטנ, האָבנ די פּאָעטישע קולטורנ פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ מערקבאר זיכ דערנעענטערט איינע צו די צווייטע. איצט קאָנ מענ שוינ ריידנ וועגנ דער פּאָעזיע פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ אונ וועגנ די אלגעמיינע פּראָבלעמעס פונ דער גאנצער סאָוועטישער דיכטונג. צומ באדויערנ איז וועגנ דעם ווייניק גערעדט געוואָרנ אינ כ׳ סורקאָווס פּאָרטראג.

איכ וויל זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ דער גרוזינישער פּאָעזיע, קעדיי אופצוקלערנ די פראגע, וואָס איז דאָ דיסקוסירט געוואָרנ וועגנ דעמ גרוזינישנ סימוואָליזמ. דער סימוואָליזמ האָט זיכ באוויזנ אינ גרוזיע אינ 1916 י.; דאנ זײַנענ שוינ אינ רוסלאנד געווענ זייער שטארקע רוסישע פוטוריסטנ. די גרוזינישע סימוואָליסטנ האָבנ זיכ אָריענטירט אפנ מײַרעוו, אפ יענער קולטור, וועלכע עס האָבנ געשאפנ די פראנצויזישע סימוואָליסטנ

דעריבער האָבנ זײ אינ זײער מאניפעסט דעקלאראטיוו אָפּגעלײקנט די גרוזינישע קלאסיקער אינ זײערע ווערק האָט זיכ ניט געפילט דער גרוזינישער מאטעריאל אונ די גרוזינישע נאטור.

נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז אינעם שאפנ פונ די גרוזינישע סימוואָליסטנ פאָרגעקומענ א קריזיס. א טײל גרוזינישע סימוואָליסטנ איז געבליבנ אינ לאגער פונ די דײטשישע עקספרעסיאָניסטנ, א גרופּע איז אָפּגעגאנגענ צום אזוי גערופענעם פראנצויזישנ דאדאיזם.

אינ דערדאָזיקער צײט טרעט ארויס אינ גרוזיע א סאָוועטישער דאָר דיכטער מיט לאָזונגענ, וואָס רופנ צו אנ אָרגאנישער פארבינדונג מיט דער קלאסישער ליטעראטור פונ גרוזיע אונ צו אופמערקזאמקײט צו דער גרויסער פּאָעזיע, וועלכע עס האָט געשאפנ דאָס גרוזינישע פאָלק. עס הויבנ זיכ אָנ זוכענישנ נאָכ דער אזויגערופענער גרוזינישער טעמע. אינ דער פּאָעזיע גײענ ארײַנ גרוזינישע פּײזאזשנ.

איכ וויל זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ דעם אָרט פונ פאָלקלאָר אינ דער גרוזינישער פּאָעזיע. די קלאסישע גרוזינישע פּאָעזיע איז שטענדיק געווענ נאָענט צום פאָלק, אונ צום פאָלק־שאפנ. די ווירקונג פונ די סימוואָליסטנ האָט פארביטנ דעם גרויסנ אינטערעס צו דער פאָלק־פּאָעזיע, אָבער נאָכנ אָקטיאבער ווערט די פאָלק־פּאָעזיע ווידער אנ אָביעקט פונ דערלערנענ. מיטנ פאָלקלאָר הויבנ זיכ אָנ צו באגײַסטערנ אלע גרוזינישע דיכטער.

כאווײדים, געווּיס קאָנ מענ ניט אידענטיפיצירנ די פאָלקסטימלעכקײַט אונ דעם פאָלקלאָר, אָבער דאָס פארכאפּנ זיכ מיטנ פאָלקלאָר איז שטענדיק ארויסגעדרונגענ פונ דעמ דיכטערס שטרעבונג צו פאָלקסטימלעכקײַט. אזעלכע גרויסע פּאָעטנ ווי פּושקינ, באראטאשווילי אונ מאיאקאָווסקי האָבנ זיכ געצויגנ צום פאָלקלאָר. טאראס שעווטשענקאָ אונ וואזשא פשאוועלא זײַנענ ארויסגעגאנגענ פונ פאָלקלאָר.

דאָס פאָלק זוכט שטענדיק אינ דער שטימ פונ דיכטער אנ אָפּקלאנג פונ זײַנ אײגענער שטימ אונ אויב די דאָזיקע טענער פונ פאָלקסטימלעכקײַט קלינגענ אינעמ שאפנ פונ דיכטער—האָט דאָס פאָלק ליב דעמ דיכטער.

די „ניט געהערטע פּאָשעטקײַט“, וועגנ וועלכער עס האָט גערעדט פּאסטערנאק אונ וועלכע מיר געפינענ אינ מאיאקאָווסקעס שאפנ, איז ענלעכ אפ א מענטשנ, וואָס הויבט זיכ אופ אפ א הויכנ בארג־שפּיצ אונ בײַקומענדיק גרויסע שוועריקײַטנ, דערגרײכנדיק דעמ שפּיצ, קאָנ ער פרײַ אָפּעטעמענ.

בײַקומענדיק די גרויסע דיכטערישע שוועריקײַט, דערגרײכנדיק די עמעסע דיכטערישע פּאָשעטקײַט, דעראָבערט דער דיכטער די פאָלקסטימלעכקײַט.

דער טאלאנטפולסטער פאָרשטײער פונ דער סאָוועטישער עפּאָכע—מאיאקאָווסקי איז פארבונדנ מיט די אורקוואלנ פונ דער פאָלק־פּאָעזיע פונ גרוזיע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ דורכ יאָרהונדערטער. ווענ איכ האָב זיכ צום ערשטנ מאָל באקאָנט מיט מאיאקאָווסקענ האָט מיכ פארוואונדערט זײַנ באקאנטשאפט מיט דער גרוזינישער פאָלקלאָר־דיכטונג. ער האָט אפ אויסווייניק געוווּסט זײער אסאכ גרוזינישע טשאסטושקעס אונ אונדז, גרוזינישע דיכטער, האָט ער אָפט געראטנ צו דערלערנענ די פאָלק־שאפונג.

איכ שטאָלציר מיט דעמ, וואָס די גרוזינישע דיכטונג האָט אָנטײלגענומענ אינעמ אויספאָרמירנ וולאדימיר מאיאקאָווסקענ (אפּלאָדיסמענטנ).

# כראָניק

## 100־יאָריקער געבורטס-טאָג פונ מענדעלע מויכער־ספאָרימ

די מענדעלע-פײַערונגענ אינ ווײַסרוסלאַנד האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אינ מענדעלעס היימ־שטאָט קאַפּוליע. דעמ 12־טנ דעקאַבער 1935 י. האָט א בריגאַדע שרײַבער אינ באַשטאַנד פונ די כ״כ איזי כאַריק, י. בראָנשטיינ, מ. קולבאַק, ז. אַקסעלראָד, מ. טייפ, פּ. בראָווקאָ, ק. קראַפּיווא, זאַריאַנ, קאַצאָוויטש אונ אורי פינקעל דורכגעפירט אינ קאַפּוליע א גרויסנ ליטעראַרישנ אָוונט, געווידמעט דעמ 100־יאָריקנ געבורטס־טאָג פונ מענדעלע מויכער־ספאָרימ. דער זאַל האָט ניט געקענט אַרײַנעמענ די אַלע אַרבעטנדיקע פונ קאַפּוליע, וועלכע זײַנענ געקומענ אַפנ אָוונט.

דער כ׳ כאַריק האָט געעפנט די פײַערלעכע זיצונג אינ נאָמענ פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווסר אונ פונ דער ראַיאָנער קאָמיסיע אַפ צו פײַערנ דעמ מענדעלע־יובילײ. אינעמ אַרײַנפיר־וואָרט האָט זיכ דער כ׳ כאַריק אָפּגעשטעלט וועגנ דער באַדײַטונג פונעמ יובילײ אונ האָט באַזונדערס זיכ אָפּגעשטעלט וועגנ די סאָוועטישע שרײַבער, וועלכע זײַנענ די עמעסע יאָרשימ פונ דאָס סאַמע דעמאָקראַטישע, וואָס עס פאַרמאָגט דער גרויסער קינסטלער פונ דער ייִדישער ליטעראַטור—מענדעלע מויכער־ספאָרימ.

מיט אַ אינטערעסאַנט וואָרט איז אַרויסגעטראָטנ דער סעקרעטאַר פונ ראַיפּאַרטקאָמ כ׳ שטיינגאַרט, וועלכער האָט אונטערגעשטראָכנ די אינטערנאַציאָנאַלע באַדײַטונג פונעמ דאָזיקנ אָוונט, וואָס איז נאָכ א באַווײַז, וויאַזוי עס ווערט פאַרווירקלעכט די לעניניש־סטאַלינישע נאַציאָנאַליטיק. נאָכנ פאָרטראַג פונעמ כ׳ בראָנשטיינ וועגנ מענדעלעס לעבנ אונ שאַפנ זײַנענ אַרויסגעטראָטנ מיט זייערע ווערק די שרײַבער כאַריק, קולבאַק, אַקסעלראָד, טייפ, קאַצאָוויטש. - אינ די אַרויסטרעטונגענ פונ דער פאַרטייישער אונ סאָוועטישער אָנפירונג אונ פונ די אַרבעטנדיקע פונ קאַפּוליע איז אונטערגעשטראָכנ געוואָרנ די גרויסע דיסטאַנצ, וועלכע עס טיילט אָפּ קאַפּוליע פונ מענדעלעס צײַטנ ביז דער סאָוועטישער קאַפּוליע.

* * *

דעמ 27־טנ אונ 29־טנ יאַנוואַר האָט געאַרבעט די מענדעלע־סעסיע, וועלכע ס׳האָט אײַנגעאָרדנט אינ מינסק דער אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פונ ווײַסרוסלאַנד. אַפ דער סעסיע זײַנענ אַרויסגעטראָטנ מיט אינהאַלטרײַכע פאָרטראַגנ די כ״כ ווינער, מ. עריק, א. אַשעראָוויטש.

דער כ׳ ווינער האָט געמאַכט א גענויעמ סאָציאָלאָגישנ אַנאַליז וועגנ מענדעלעס עפּאָכע, וועגנ דער לאַגע פונ די ייִדישע מאַסנ אינ זײַנ צײַט אונ זײַנ שעפערישער

סוויוועָ. דער כ׳ ווינער שטרײַכט אונטער, אז מענדעלעס אופקלערערישע אידייענ האָבנ זיכ אויסגעדריקט אינעם קאמפּ קעגנ פעאָדאלנ לעבנ-שטייגער אינ דער ייִדישער סוויוועָ, פאר בירגערלעכער פרײַהײַט, פאר וועלטלעכער בילדונג, פאר אייראָפּייִשע לעבנ-פאָרמענ. דער כ׳ ווינער געפינט, אז דער ליבעראליזם, וועלכער איז פאראנ בא מענדעלענ, איז ניט קיינ בורזשואזער, נאָר א קליינבירגערלעכער, אפ עפּעס אנ אויפנ „פאָלקיסטיש”-באפארבטנ כאראקטער, וואָס דריקט זיכ אויס אינ זײַנ גרויסער לײַדנשאפט אונ ענגער באהעפטקײַט מיט די פאראָרעמטע אונטערדריקטע שטעטלדיקע מאסנ. אינ דעם איז די גרעסטע מײַלע אונ די גוואלדיקע קראפט פונ זײַנ קונסט. אָבער אַפּ מענדעלעס אָנשויונג ווירקט די באגרענעצטקײַט אונ אָפּגעזונדערטקײַט פונ זײַנ קלאס. דער פאָרטרעגער אנאליזירט מענדעלעס קינסטלערישע ווערק. מענדעלעס שאפנ איז א בייז-סאטירישער, א דעמאסקירנדיקער. דער פאָרטרעגער באטאָנט דעם פאקט, וואָס די בורזשואזע קריטיק קענ ניט אָפּשאצנ מענדעלענ. ·מיר שעצנ מענדעלענ, רעזומירט דער כ׳ ווינער, אלס קלאסיקער פונ דער ייִדישער ליטעראטור פאר זײַנ צילגעווענדעטקײַט, פאר זײַנ עמעסער קינסטלערישער אָפּשפּיגלונג.

דער כ׳ עריק האָט אינ זײַנ פאָרטראג כאראקטעריזירט מענדעלעס שאפנ אינעם אספּעקט פונ דער מײַרעוו-אייראָפּייִשער קלאסישער ליטעראטור. דער פאָרטרעגער פירט דורכ היסטאָרישע פאראלעלנ צווישנ מענדעלענ אונ סערוואנטעסנ, צווישנ מענדעלענ אונ סאלטיקאָוו שטשעדרינ. דער כ׳ עריק איליוסטרירט מיט בײַשפּילנ די קרויווקשאפט צווישנ דעם מעכטיקנ רוסישנ סאטיריקער סאַלטיקאָוו שטשעדרינ אונ מענדעלענ, צווישנ דעם שרײַבער פונ גלופּאָווא אונ דעם שרײַבער פונ גלופּסק. מענדעלע איז געגאנגענ אויכ אפּ סערוואנטעסעס וועג אונ געשאפנ זײַנ שעדעוור „מאסאָעס בִיניאָמינ האשלישי”. פאראנ אויכ עפּעס ענלעכס—זאָגט דער כ׳ עריק—מיט סוויפטנ אונ ראבלע אינ זײַנ מעטאָד צו כאראקטעריזירנ גאנצע קאָלעקטיוונ. דער פאָרטרעגער מאכט אנ אויספיר, אז מענדעלע פארנעמט ווײַט ניט דאָס לעצטע אָרט אינ דער וועלט-סאטירע אונ אינ דער ייִדישער ליטעראטור איז ער נאָכ ביז איצט דער גרעסטער סאטיריקער. מענדעלע איז געוואָרנ דער גרעסטער שטייגער-שילדערער אינ דער ייִדישער ליטעראטור. ער האָט קאָנצענטרירט זײַנ פּראָבלעמאטיק אינ א רייע געניאלע טיפּיזירונגענ, ווי טונעיאדעווקע, קאפּצאנסק, גלופּסק, ביניאָמינ, סענדערל אונ האָט דורכגעלייגט דאָ א וועג פאר שאָלעם-אליינכעמענ. דער כ׳ עריק שטעלט זיכ אָפּ אפּ מענדעלענ ווי אפּ דעם ערשטנ גרויסנ ראָמאניסט, דעם מײַסטער פונ דער קינסטלערישער דעטאל, פונעם קינסטלערישנ פּייזאזש. אינעם לעצטנ טייל פונ זײַנ פאָרטראג רופט דער כ׳ עריק נאָכ טיפער אונ אלזײַטיקער צו שטודירנ מענדעלענ אונ באזונדערס ווענדט ער זיכ צו די לינגוויסטנ זיי זאָלנ זיכ פארנעמענ מיט אויספאָרשנ מענדעלעס שפּראכ.

אפּ דער צווייטער זיצונג האָבנ זיכ פאנאנדערגעוויקלט אינטערעסאנטע דעבאטנ ארום די פאָרטראגנ. עס זײַנענ ארויסגעטראָטנ אסאכ שרײַבער אונ קריטיקער, צווישנ זיי די כ״כ כאריק, אקסעלראָד, טייפ, עליע גאָרדאָנ, צארס, סערעבריאני א. אנד.

* *
*

דעם 29־טנ יאנואר איז אינ קלוב פונ פארטאקטיוו פאָרגעקומענ אַ גרויסער מאסנוונט, געווידמעט מענדעלעס יאָרצײַט. מיט אנ אויספירלעכנ פאָרטראג וועגנ מענדעלעס אפנ איז ארויסגעטראָטנ דער כ׳ אָשעראָוויטש: לענינ אינ זײַנ ארטיקל וועגנ גערצענענ

ווײַזט אָן,—אז די ארבעטער צייכענען אָפּ דעם יאָרטאָג פון גערצענס טויט מיטן ציל אופצוקלערן זײַן היסטאָרישע ראָל. ווען מיר גייען צו אָפּצושאצן מענדעלעס קינסטלערישע ווערק, דארפן מיר באשטימען דאָס אָרט, וואָס מענדעלע פארנעמט אין דער געשיכטע פון דער ליטעראטור.

מענדעלע איז באווירקט מיט די אידייען פון טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו, אָבער די נאציאָנאלע באגרענעצטקייט האָט אים געשטערט קאָנסעקווענט דורכצופירן די דאָזיקע אידייען אין זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. דער פּאָרטרעגער שטרײַכט אונטער מענדעלעס דעמאָקראטישקייט, וועלכע ער ווײַזט ארויס באזונדערס אין זײַן גרויסן קונסטווערק „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי“, און וועגן די פּלעבייִשע עלעמענטן אין דער „קליאטשע“.

אינעם לעצטן טייל פון זײַן פּאָרטראג שטרײַכט אונטער דער כ׳ אָשעראָוויטש, אז מענדעלעס טיפן לעבן נאָך ביז הײַנט צו טאָג אינעם קאפּיטאליסטישן אויסלאנד.

נאָכן פּאָרטראג האָבן א ריי יידישע און ווײַסרוסישע שרײַבער געלייענט זייערע ווערק.

אין דער קינסטלערישער טייל האָבן גענומען אן אָנטייל די ארטיסטן פון ווײַסרוסישן יידישן מעלוכע־טעאטער די כ״כ: סאָקאָל, הערצבערג, לימאן, וועלכע האָבן דורכגעלייענט אויסצוגן פון מענדעלעס ווערק. דער כ׳ אורי פינקעל האָט דורכגעלייענט אן אויסצוג פון זײַן אן ארבעט וועגן מענדעלעס ביאָגראפיע. דער כ׳ איזי כאריק, וועלכער האָט געהאלטן א שלוס־וואָרט, האָט צום סאָף דורכגעלייענט זײַן ליד „אין א ליכטיקן עקספרעס“.

* * *

די מענדעלע־פײַערונגען איבערן גאנצן פארבאנד זײַנען לעצטנס פארסאכאקלט געוואָרן אין מאָסקווע אפן גרויסן מענדעלע־אָוונט אינעם קאָלאָנען־זאל פון פאריינען־הויז, וועלכער איז אָרגאניזירט געוואָרן דורכן יובליי־קאָמיטעט צו פײַערן דעם 100־טן געבורטס־טאָג פון מענדעלע מויכער־ספאָרים.

מיט א ברייטן ארײַנפיר־וואָרט עפנט דעם אָוונט דער שטעלפארטרעטער פון פאָלקאָמבילד פון פססר דער כ׳ וואָלין, אונטערשטרײַכנדיק די גרויסע באדײַטונג פונעם אָוונט, ווי א גלענצנדיקע איליוסטראציע פון דער פעלקער־פרײַנטשאפט פונעם סאָוועטנפארבאנד. ער באטאָנט אויך דעם פאקט, וואָס אלס פּאָרזיצער פון יובליי־קאָמיטעט איז דער גרויסער פּראָלעטארישער קלאסיקער אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי. מיט א וואָרט וועגן מענדעלעס גרויסער ליטעראריש־געזעלשאפטלעכער ראָליע איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ ליטוואקאָוו. מענדעלע האָט אין זײַנע שאפן אזוי טיף פארכאפּט די ווירקלעכקייט און געגעבן זי אין אזעלכע טיפע פאראלגעמיינערטע געשטאלטן, אז ער האָט דער ערשטער און דער איינציקער צווישן די יידישע שרײַבער פון זײַן צײַט און אויך פון די שפּעטערדיקע צײַטן ביז אָקטיאבער ריכטיק געשטעלט, האָנאם ניט געלייזט, די נאציאָנאלע פראגע פונעם יידישן פאָלק. ער האָט טיף געקענט די יידישע אָרעמשאפטלעכע מאסן, אָט די עוויונים, דאלפּאָנים, קאבצאָנים, אָט דעם גרונט־מאסיוו פונעם יידישן פאָלק פון ערעוו קאפּיטאליזם. די נאציאָנאלע פראגע האָט ער אין זײַן שאפונג געשטעלט ווי די סאָציאלע פראגע פון די מאסן און דאָס איז געווען אן אײַנרײַס מיט דער גאנצער יידישער בורזשואזער און קליינבירגערלעכער ליטעראטור. פײַערנדיק דעם יובליי—פארענדיקט דער כ׳ ליטוואקאָוו—שטעלט פאר זיך די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור די פּראָבלעם צו שאפן גלײַכווערטיקע

און נאָך גרעסערע ווערק אלס אויסדרוק פון דער נײַער סאָוועטישער ייִדישער קולטור— נאַציאָנאַלער לויט דער פאָרם און א סאָציאַליסטישער לויטן אינהאלט.

מיט א וואָרט איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ נוסינאָוו. ער רעדט וועגן מענדעלען דעם גרויסן דעמאָקראט, הומאניסטישן פראָטעסטאנט און אופקלערער פון די ייִדישע מאסן. אָבער די פראגן, וואָס מענדעלע האָט ניט געקענט לייזן אפ א הומאניסטיש־דעמאָקראטישן אופן, האָבן מיר געלייזט אפ א פראָלעטאריש־רעוואָליוציאָנערן אופן.

דערנאָך איז ארויסגעטראָטן דער קריטיקער כ׳ דינאמאָוו—פארוואלטער פונעם קונסט־סעקטער פונעם אָפטײל פון קולטור־אופקלערערישער ארבעט פונעם צק אלקפ(ב). מענדעלע האָט געלעבט אין א שרעקלעכער וועלט—זאָגט דער כ׳ דינאמאָוו—אָבער מיט דער קראַפט פון זײַן געדאנק האָט ער ווי מיט א שווערד אופגעשניטן דאָס לעבן. זײַן קראפט—דאָס איז די קראפט פונעם עמעס, פונעם עכטן עמעס פון זײַן פאָלק. מענדעלע האָט פארמאָגט אין זיך א גרויסע קראפט פון האס צו דער אלטער וועלט. ער איז אן עמעסער פאָלקס־קינסטלער. דער כ׳ דינאמאָוו ענדיקט מיט די ווערטער—מע קען מעקאנגע זײַן דעם פאָלק, וואָס האָט אזא קינסטלער ווי מענדעלע מויכער־ספאָרים. אָבער איך אלס א רוס בלײַב ניט בא דעם געפיל פון קינע, ווײַל דאָס רוסישע פאָלק האָט פושקינען. דער פושקין פונעם רוסישן פאָלק איז אויך דער פושקין פונעם ייִדישן פאָלק און אויב דאָס ייִדישע פאָלק האָט מענדעלע מויכער ספאָרים, איז ער אויך אונדזערער א רוסישער קינסטלער.

כ׳ ווינערס ארויסטרעטונג איז געווען גע׳וידמעט דער מענדעלע־שפראך, וואָס ער האָט געשעפט אין די טיפסטע פאָלק־מאסן. מענדעלעס שפראך איז געווען זייער ווירקזאם און האָט נאָך איצט אויך א גרויסע ווירקונג אפ דער ליטעראטור.

מיט א קורצ וואָרט איז ארויסגעטראָטן דער באוווסטער רוסישער פראָזאיקער לעאָניד לעאָנאָוו. ער דערמאָנט מענדעלעס אומשטערבלעכע ווערטער „א ליטעראטור, וואָס האָט קיין שום שײַכעס ניט צום פאָלק און צו זײַנע נויטן און ווערט פון אים ניט באווירקט, קען אויך ניט זײַן קיין ווירקנדיקער פאקטער. דאָס פאָלק האָט מיט איר קיין געשעפטן ניט און זי איז בלויז איבעריק אפ דער לעבעדיקער ערד“.

מיט א וואָרט איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ בערגעלסאָן. דאָס ייִדישע פאָלק—זאָגט כ׳ בערגעלסאָן—האָט זײַן געשיכטע ווייניק פארשריבן אפ שטיין, אפ פאבריקן און אפ בויונגען. אדאנק דער לעניניש־סטאלינישער נאציאָנאלער פאָליטיק האָבן מיר איצט די מעגלעכקײַט אויך אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט צו פארשרײַבן די געשיכטע פון די ארבעטנדיקע ייִדן אפ שטעט פון סאָציאַליזם. דאָ ווערט פארייביקט מענדעלעס אָנדענק.

מיט א גלענצנדיקער רעדע איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ קארל ראדעק. דער כ׳ ראדעק קאָנסטאטירט, אז די ווערק פונעם גרויסן שרײַבער מענדעלע מויכער־ספאָרים זײַנען דער ערשטער דאָקומענט, דורכ וועלכן די טיפסטע שיכטן פון דער ייִדישער באפעלקערונג האָבן דעקלארירט זייער רעכט אפ לעבן. זײַנע ווערק רופן זיך איבער מיט די בעסטע ווערק פון דער וועלט־ליטעראטור. זינט דאן—זאָגט דער כ׳ ראדעק—האָט דאָס ייִדישע פאָלק געשאפן א גרויסע ליטעראטור. עס איז אויסגעוואָקסן די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור, די סאָוועטישע ייִדישע פאָעזיע, וואָס פארווירקלעכט איר אָנטייל אין דער גרויסער בויונג פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג. א גרויסן אָרט ווידמעט דער כ׳ ראדעק אין זײַן רעדע דער פראגע וועגן דעם איבערגעבורט פון דער ייִדישער באפעלקערונג בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד, ווו עס וואקסט א געזונטער דאָר ייִדישע פראָלעטאריער פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע. ער רעדט וועגן די אויסראָטונג־געזעצן קעגן די ייִדן

אין דײַטשלאנד. די פארטיי,—פארענדיקט דער כ׳ ראדעק,—דער פירער כאווער סטאלין קאָנען זײַן זיכער, אז אין די אָטריאדן ייִדישע פּראָלעטאריער, אין די ייִדישע פאָלקמאסן וועלן זיך געפינען טרײַע באשיצער פון דער פעלקער־פרײַהײַט פונעם גרויסן פאַרבאנד סאָציִאליסטישע סאָוועטישע רעפובליקן. דער כ׳ ראדעק ווערט באגלייט מיט לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.

דער כ׳ באבעל שטעלט זיך באזונדערס אָפּ אין זײַן ארויסטרעטונג וועגן דער פראגע פון איבערזעצן מענדעלעס, אזוי אויך שאָלעם־אלייכעמס ווערק אין דער רוסישער שפראך. דערבײַ טיילט ער מיט, אז א גרויסע טייל פון דער ארבעט נעמט ער אפּ זיך. דער כ׳ באבעל טיילט זיך מיט זײַנע דערינערונגען וועגן זײַנע קינדער־יאָרן אין אָדעס, ווו ער פלעגט אָפט זען מענדעלען.

מיט א שיינער רעדע איז ארויסגעטראָטן דער פאָלקס־ארטיסט פון רעפובליק כ׳ מיכאָעלס. דער כ׳ מיכאָעלס זאָגט—איך זע אין מענדעלען יענע זײַט, וואָס מאכט אים באזונדערס נאָענט צו אונדזער צײַט—דאָס איז דער גרויסער געפיל פון ליבע און האס. באזונדערס שטעלט ער זיך אָפּ וועגן דער באציִונג פון מענדעלע דעם מײַסטער צום וואָרט. און צום סאָף טיילט זיך כ׳ מיכאָעלס מיט זײַן צוגאנג צו דער ראָליע פון בינימין אין „מאסאָעס בינימין השלישי“ און גיט א גלענצנדיקע בילדערישע כאראקטעריסטיק פון בינימינען. די פארזאמלונג באגלייט דעם כ׳ מיכאָעלס מיט שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.

מיט אן אינטערעסאנטער רעדע איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ פעפער, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט וועגן מענדעלעס געשטאלטן, וואָס העלפן אונדז אינעם קאמף קעגן דער הערשונג פון דער אלטער וועלט. מענדעלע ווירקט אפּ אונדזער ליטעראטור און איך בין זיכער—פארענדיקט כ׳ פעפער—אז ווען מיר וואָלטן זיך באגעגנט מיט מענדעלע מויכער־ספרים, וואָלט ער געזאָגט: לעבן זאָל די סאָוועטישע ליטעראטור.

מענדעלעס טאָכטער באדאנקט די פארטיי, דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט פאר דעם גרויסן קאָוועד, מיט וועלכן מע באערט דעם אָנדענק פון איר פאָטער.

מיט א הייסער רעדע איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ פערעץ מארקיש. ער רעדט וועגן מענדעלען ווי וועגן אן עמעסן פאָלקס־דיכטער. איצט—זאָגט דער כ׳ מארקיש—ווען פאר דער ליטעראטור שטייט דער לאָזונג פון פאָלקישקײַט, דארפן מיר זיך אָפּגעבן א רעכענונג, פארוואָס האָט מענדעלע אזוי באהערשט זײַן לעזער. מענדעלעס יובילעי איז דעריבער א יאָנטעוו פון אונדזער סאָוועטישער קולטור. מיט דעם שליסט דער כ׳ וואָלין די פײַערלעכע טייל פונעם אָוונט.

א ריי מענדעלע־אָוונטן זײַנען אויך דורכגעפירט געוואָרן אין לענינגראד, קיִעוו, אָדעס, כארקאָוו און אין אנדערע שטעט.

# אינהאלט



## אפן פלענום פון פארוואלטונג פון פארבאנד סאָוועטישע שרייבער:



---


פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער — א י ז י כ א ר י ק.

רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיין, אי. כאריק, מ. קולבאק. ל. ראָזענהויז.

---

באשטעלונג 257 דרוקעריי א. נ. סטאליג גלאווליטבעל 3383

# ЗМЕСТ

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

2
1936



ВЫДАННЕ
## „Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.